מאָריס ווינטשעווסקי

# געזאמלטע ווערק

רעדאקטירט פון קלמן מרמר

פארלאג „פרייהייט“
ניו יאָרק, 1927

## פאָרוואָרט

א פעליעטאָן איז געווען די ערשטע זאך וואָס דער זיידע האָט אָפּגעדרוקט אין אידיש.

דער פעליעטאָן האָט געהייסן „דער גרענדע פירער“ און איז געווען געדרוקט אין קעניגסבערגער אידישן וואָכנבלאַט „קול לעם“ (פאָלקשטים), דעם 26טן אָקטאָבער, 1877.

אָט די ציַיטונג מיט א העברייאישן נאָמען איז ארויס אונ־טער דער רעדאַקציע פון מכאל לוי ראדקינסאָן. יענער האָט גלייכ־ציַיטיק ארויסגעגעבן א העברייאישע ציַיטשריפט מיטן נאָמען „הקול“ (די שטים) אין וועלכער דער זיידע האָט מיטגעארבעט אונטערן נאָמען „בן־נץ“. נאָר א סך געבילדעטע מענטשן האָבן אין יענער ציַיט עס געהאלטן פאר אן אומ׳כבוד צו שרייבן אין „זשארגאָן“, ווי מ׳האָט דעמאָלט אָנגערופן די אידישע שפראך. האָט דער 21־יאָריקער בן־נץ זיך אונטערגעשריבן אויף זיין ערשטן אידישן פעליעטאָן מיטן נאָמען „בן קאָוונאָ“*).

אין דעם זיידענ׳ס ערשטן פעליעטאָן, פון פופציק יאָר צוריק, זיינען שוין פאראן אייגנשאפטן פון זיינע שפּעטערע פעליעטאָנען. ער פלעגט אויך אריין א לידעלע — טאָקע די ערשטע פון זיין פעדער אין אידיש. ליידער איז דער „קול לעם“ באלד אונטער־געגאנגען (אין דעצעמבער 1877). איז דעם זיידענ׳ס ערשטער פעליעטאָן אין אידיש געבליבן בא אים דער איינציקער פון יע־נער ציַיט. נאָר דערפאר האָבן דעמאָלט געהאט גרויס פּאָפּולאַ־ריטעט זיינע העברייאישע פעליעטאָנען, געשריבן כלומר׳שט פון אן אלטן מינסקער משוגענעם פילאָזאָף „יגלי איש הרוח“ (יאָגלי דער פאנטאזיאָר). ערשט זיבן יאָר שפּעטער, ווען ער איז גע־וואָרן רעדאַקטאָר פון דער ערשטער סאָציאליסטישער ציַיטונג

---

**) ער האָט געהייסן בן־ציון נאָוואָכאָוויץ (ב—ן נ—ץ) און געשטאַמט פון קאָוונע.

אין אידיש, „דער פוילישער אידל“ (לאָנדאָן 1884), האָט דער זיידע ווידער אָנגעהייבן שרייבן פעליעטאָנען אין אידיש.

דעם זיידענ'ס פעליעטאָן אין ערשטן נומער (25טן יולי, 1884) „פוילישער אידל“ האָט געהייסן „וואָלט איר געגלויבט“, און איז געווען אונטערגעשריבן „יגלי“. קענטיק, אז דער זיידע האָט שוין דעמאָלט געפּלאַנט צו פאַראידישן זיין מינסקער אַלטן חקרן און אים מאַכן שרייבן זיינע „חזיונות“ (זעאונגען) אָדער „משוגעת'ן“ אין „זשאַרגאָן“. נאָר דער „משוגענער פילאָזאָף“ האָט נאָך ניט געהאַט געפונען די ריכטיקע שפּראַך ווי צו ריידן צו פשוט'ע אידן. האָט „בן־נץ“ אָדער „מאָרים ווינטשעווסקי“, ווי דער זיידע האָט זיך אָנגעהויבן רופן אין לאָנדאָן, געשריבן פעליעטאָניסטישע לייט־אַרטיקלען און אַלס פעליעטאָנען געגעבן אייגענע און באַארבעטע דערציילונגען, ראָמאַנען, הומאָרעסקעס און וויצן. ערשט פינף יאָר שפּעטער, אין לאָנדאָנער „אַרבעטער פריינד“, פון 19טן אַפּריל, 1889, האָט דער זיידע אָנגעהייבן שרייבן זיינע באַרימטע געוואָרענע „משוגעת'ן“, אונטער דער אויבערשריפט, „צושלאָגענע געדאַנקען“ פון אַ „משוגענעם פילאָזאָף“. שפּעטער האָט ער אויך געדרוקט „משוגעת'ן“ אונטער אַנדערע אויבערשריפטן, למשל, „בילדער און ווערטער“, „בילדער, ווערטער און חקירות“, „חקירות, מעשיות און ווערטלעך“, „דער ספר הזכרונות פון דעם משוגענעם פילאָזאָף“ אַ. ד. ג.

אין די צוויי בענד פעליעטאָנען גייען אריין דעם זיידענ'ס אַלע „משוגעתן“: צושלאָגענע געדאַנקען, בילדער, ווערטער און חקירות, וואָס זיינען אַנציענדיק אויך פאַר אונזער היינטיקן אידישן לייענער. זאַכן פון היסטאָרישן ווערט וועלן אריין אין דעם באַנד היסטאָרישע שריפטן.

וועגן דעם כאַראַקטער פון „משוגענעם פילאָזאָף“, זיין אָפּשטאַמונג פון „יגלי איש הרוח“, זיין אונטערשייד פון יענעם אַ. ד. ג., וועט דער לייענער געפינען אין דער איינלייטונג צום ערשטן באַנד. אַן אויספירלעכע זעלבסט־כאַראַקטעריסטיק פון דעם משוגענעם פילאָזאָף איז אויך פאַראַנען אין פעליעטאָן „אינהאַלט איך“,

(זייטן 94—97), וועמעס מאָטאָ איז:

„עס איז א וואונדערבארע זאך
מיט מיין געלעכטער און געוויין:
איך בין ניט לוסטיק, ווען איך לאך,
איך טרויער ניט, בשעת איך וויין".



צוליב טעכנישע סיבות זיינען איי‌ניקע פעליעטאָנען (זייטן 161—176) אויסגעבליבן אָן באמערקונגען וועגן זייער צייט. דריי פון זיי („אפן שיידוועג", מיטן פעקל אפן רוקן" און „די גרע־בער און א באגראָבענע") זיינען געוועזן געדרוקט אין דער ניו יאָר־קער „ארבעטער צייטונג„ פון יאָר 1894. איינער („ווי איך קום צו ראמאטעס") איז געוועזן געדרוקט אין באָסטאָנער „אמת" פון 21טן יוני, 1895. דער פעליעטאָן „א שווערער אָנהויב" (זייט 9) איז געוועזן געדרוקט דעם 19טן אפריל און ניט דעם 3טן מאַי, 1889, ווי ס'איז אריין על פי טעות. די לעצטע זעקס פעליעטאָנען זיינען געוועזן געדרוקט אין 1897. כ'האָב ניט געקאָנט קריגן די צייטונ־גען פון יענער צייט. האָב איך אָנגעגעבן בלויז דעם יאָר.



אלע ענדערונגען זיינען פון מיר געמאַכט געוואָרן מיטן זיי־דענ'ס הסכמה. אזוי אויך די נייע אָרטאָגראַפיע. פאַר אלע באַ־מערקונגען און פארטייטשונגען בין איך אליין פאראנטוואָרטלעך. די וואָס שטאַמען פון זיידענ'ס פעדער זיינען אונטערגעשריבן מיט די בוכשטאבן „מ. ו.".

ניו יאָרק, 4טן פעברואר, 1927.

קלמן מרמר

# אַ שווערער אָנהויב *)

כסדר אזוי... וואו זענען מיינע ספּאקולן? איך ווייס ניט וואָס איך שרייב, ווען איך האָב זיי ניט פאר די אויגן... עס איז דאָ א שרייבער, מען זאָגט, א סך שרייבערס, וואָס ווייסן ניט וואָס זיי שרייבן אפילו מיט ספּאקולן, אָבער דאָס איז ניט מיין זאך, איך משפּט קיינעם ניט. לאָז יעדערער שרייבן ווי ער קאָן... אָט זיינען מיינע ספּאקולן, איצט קאָן איך שרייבן.

כסדר אזוי... מיין פּעדער שפּריצט זייער שטארק, זי איז שוין אלט, צופיל אויסגעניצט; איך מוז קריגן א נייע פּעדער. א וואונדערבארע זאך אי'ז א פּעדער! בעטראכט נאָר: זי קומט אריין ניי און בלאנק אין אייערע הענט, זי ווערט פארשווארצט ארבעטנדיק פאר אייך, איר לאָזט זי פארראָסט ווערן, און ווען זי אי'ז שוין אַזוי אויסגעמוטשעט, אזוי פארשווארצט און פארראָסט, אז זי קען אייך שוין בשום ענין ואופן ניט מער דינען, ווארפט איר זי אוועק מיט כעס... וואונדערבאר! וואָס זאָגט איר? ניין? א פּעדער האָט כמעט אַזאַ מזל, ווי א גוטער משרת בא א קצין, אָדער ווי אַן ארבעטער אין א פאַבריק... איך קאָן ניט שרייבן — איך מוז קריגן אַ נייע פּעדער. איך האָב זייער א וויכ־טיקן ענין צו שרייבן, וואו נעם איך א פּעדער? עס איז דאָ! זייער גוט! הײנט קען איך אָנהויבן.

כסדר אזוי... אַז מען זאָל נעמען באטראכטן... אָ, ווי קאלט בא מיר אין צימער איז? קאלט, זייער קאלט! ווי שרייבט מען אין קעלט? עס איז אלץ גוט ווען מען איז יונג, דאַן ארט קיין זאך ניט; אָבער איך בין, לא עליכם, שוין אלט... וואָס קרימט איר זיך? איך זאָג ניט „לא עליכם אלט“, ווייל איך וויל אייך

*) „אַרבעטער פריינד“, 28טן אַפּריל 1889. דער ערשטער פעליעטאָן אונ־טער דער אויבערשריפט „צעשלאָגענע געדאַנקען“ פון אַ משוגענעם פילאָזאָף.

שילטן : אַלט ווערן אין דלות איז גאָר ניט אַזוי גוט, ווי איר יונגע לייט מיינט ; פּרובירט נאָר — וועט איר זען. ניט צו האָבן אַ צאָן אין מויל און ניט צו קענען בייסן איז געווים קיין וויגאָרע ניט, אָבער ניט צו האָבן קיין ציינער און ניט צו קענען בייסן און דערצו נאָך ניט צו האָבן וואָס צו בייסן איז פיל ערגער... נאָר איידער וואָס־ווען, איצט זיינען מיינע פינגער פערקאַליעט און איך קען ניט שרייבן. וואָס זאָגט איר? עס שרייבט זיך משמעות דאָך? גע־רעכט כ'לעבן! לאָמיך־זשע אָנהויבן.

כסדר אזוי... איך הויב אָן... האַלט! מוז מען דען אייגנט־לאך אימער אָנהויבן? איך האָב אָפּט אָרום דעם געטראַכט. מוז דען אַלץ האָבן אַן אָנהויב און אַן אויסלאָז? ווען האָט זיך אָנגע־הויבן די צייט? ווען — דעם מענטשנ'ס צרות? ווען — די ממשלה פון געלט? ווען — די חכמה פון לעבן אָן ארבעט? ווען... נאָר איך פארקריך אין צו ווייטע דרכים, און ניט אָרום דעם וויל איך שרייבן. איך האָב אַ וויכטיקן ענין אין קאָפּ און דאַרף נאָר מאַכן אַן אָנהויב...

כסדר אזוי... אַז מען זאָל נעמען באַטראַכטן ווי די...
ווארט אַ ווייליגקע! מען קלאַפּט בא מיר אין טיר... קאָם־אין!
דאָס איז מיין אייניקל, קומט אַ פּאַרפּראָרענער פון שול. ווער וויים צו עס לוינט צו גיין אין קעלט און פרירן צוליב די תורה, וואָס מען לערנט זיי, בעוונותינו הרבים, אין די שולן? צייטנווייז טראַכט איך, אַז עס איז גראַד גוט וואָס די קינדער לערנען זיך אויס אזוי ווייניק אין די שולן. וואָס מער איר לערנט אַ קאָץ ווערט זי רק „צאהמער" — ווי די דייטשן זאָגן — דאָס ווערט אָנגערופן, זי פּאַרלירט אַלץ מער אירע נאַטירלאכע „כראַבראַסט"*) און לאָזט מיט זיך טאָן אַלץ, וואָס מען וויל. אייערע קינדער זיינען געבאָרענע אָרימע לייט — דאָס ווייסט איר אַזוי גוט ווי איך. ווען איר זאָלט זיי לאָזן אויפוואַקסן ווילד וואָלטן זיי אפשר זיך ווערן (קעגן די וואָס האַלטן זיי אָרים,) מיט זייערע נעגל און מיט זייערע ציינער;

---

*) מוטיקייט.

אין די שולן אָבער, מאַכט מען זיי פאַר „רואיקע, פרידלאַכע ביר־גער": די קאַץ פאַרגעסט אַז זי קומט ארויס פון דעם לייב'ס פאַ־מיליע און לאָזט זיך באהאַנדלען ווי אַ נארישע גאַנז. זי מיאוקעט, למשל, אַמאָל אין אַ ווינקעלע, אָבער מען הערט איר ווי — די קאַץ. פונדעסטוועגן האָט מיין אייניקלם קומען אהיים צעשטערט מיינע געדאַנקען... איך מוז פאָרט זען צו מאַכן אַן אָנהויב.

בסדר אַזוי... אַז מען זאָל נעמען באַטראַכטן ווי... נאָך אַמאָל: אַז מען זאָל נעמען באַטראַכטן... איך זאָג, פאַרשטייט איר מיך, באַטראַכטן, גוט באַטראַכטן ווי... ווי וואָס? ווי איר זעט מיך אַ אידן—איך האָב פאַרגעסן ארום וואָס איך האָב געוואָלט אָנהויבן צו ריידן... וואָס טו איך איצט? גיט אַן עצה, ברידער, העלפט! איר שווייגט? געוויס שווייגט איר. ווער העלפט עפּעס אַן אַלטן מאַן אין אַ שווערע לאַגע היינטיקע צייטן? זאָל איך אָנ־הויבן פון מיטן? שיקט זיך עפּעס ניט. דאָס וואָלט פּאַסן פאַר אַ שרייבער, וואָס נעמט זיך אויף דעם שניט פון אַ „סוועטער": ניט ער הויבט אָן, ניט ער לאָזט אויס, ער קומט אריין אין מיטן און מאַכט זיין אָנהויב. איך זאָג: דאָס טויג ניט. איך מוז זען זיך צו דערמאָנען... גוט! איך האָב עס! הערט נאָר צו:

בסדר אַזוי... אַז מען זאָל נעמען גוט באַטראַכטן, ריכטיק באַטראַכטן, פון אַלע זייטן, פאַרשטייט איר, באַטראַכטן, ווי די וועלט פירט זיך, איז... איז... איז גלייכער גאָר צו לאָזן דעם אָנהויב אויף אַנאַנדערם מאָל.



## גאָר קיין אָנהויב ניט*)

דערביי בלייבט עס! איך הויב גאָרניט אָן. אמת, איך האָב אייך צוגעזאָגט אָנצוהויבן, אָבער צוזאָגן און מקיים זיין איז גאָר ניט אַזוי נויטיק ווי פּראָסטע מענטשן גלויבן. ווער האלט היינטיקע צייטן וואָרט? קיינער ניט, חוץ — אַ קאָלעקטאָר פון טעקסעס**) ווען ער קומט נאָך געלט און קריגט ניט און זאָגט אייך צו, צו קומען נאָכאַמאָל; אָדער אַ פּראָצענטניק, ווען ער זאָגט אייך צו, אז אייער משכן וועט זיין פארפאַלן, ווען איר וועט עס ניט ארויסנעמען אין אַ געוויסע צייט; אָדער, אַ פאבריקאַנט, ווען דאָס געשעפט גייט ניט גוט, און ער זאָגט צו די ארבעטער ארונטערצונעמען אזוי פיל און אזוי פיל פּראָצענט פון די שכירות; אָדער אַ לענדלאָרד, ווען ער גיט אייך זיין ערנוואָרט, אז ער וועט אייך ארויסווארפן פון דירה, אויב איר וועט אים ניט אריינטראָגן די הינטערשטעליקע דירה־געלט אין אַ וואָך צייט; אָדער... נאָר וואָס זאָל איך דאָ פיל ברייען? האָב דעם לענדלאָרד, דעם פאבריקאַנט, דעם פּראָ־צענטניק און דעם קאָלעקטאָר פון טעקסעס (און איבערהויפּט דעם קאָלעקטאָר!) צען פינסטערע שווארציאָר! — פון זייער וואָרט האַלטן נעם איך מיר קיין ביישפּיל ניט. איך קוק אַף העכערע מענטשן, קרוינפּרינצן, מיניסטער, דעפּוטירטע פון פּארלאַמענט — אַף זיי קוק איך! און אויב עס וועט מיר ווער עס איז באווייזן, אז איינער פון זיי האָט ווען עס איז געהאַלטן וואָרט, וועל איך אויך

*) „אַרבעטער פריינד“, 17טן מאַי 1889.

**) אין ענגלאַנד צאָלט דער טענאַנט (שכן) די טעקסעס (שטייערן) דירעקט, ניט אַרויפגערעכנט אויף די רענט (דירה געלט) דורכן לענד־לאָרד (הויז־באַזיצער).

האַלטן וואָרט און וועל מאַכן אַן אָנהויב; ניט פריער!

אַלזאָ, דערביי בלייבט עס! איך הויב גאָרניט אָן! איי — וועט איר פרעגן — וואָס מכוח דעם וויכטיקן ענין אַרום וועלכן איך האָב געוואָלט ריידן? ענטפער איך אייך, אַז איך בין אייך ניט מחויב צו ענטפערן; איך האָב אייך גאָר קיין שום דין וחשבון ניט אָפּצוגעבן. ווייל איך — רייד איך, ווייל איך ניט — רייד איך ניט. פרעגן קשיות איז איבערהויפּט אַ מיאוסע טבע. אָט איז מיין איי־ניקל — ער וויל אַלץ וויסן; רק ער פרעגט, איין וואָרט ער פרעגט קשיות. איך האָב אים נעכטן געגעבן אַ פּאַטש פאַר איין קשיא, און ער האָט זיך פאַנאַנדערגעוויינט; אין מיטן וויינען אָבער האָט ער געפרעגט אַ נייע קשיא, — זיידע, זאָגט ער, פאַרוואָס פּאַטשסטו מיר? — פאַרוואָס? — זאָג איך — פאַרדאָס!

פרעגן קשיות איז אַ מיאוס'ע טבע, זאָג איך אייך, און אַז מען מען געוואוינט זיך צו דערצו, בלייבט מען דערביי. היינט פרעגט אַזאַ חברה־מאַן, ווי מיין אייניקל, וואָרום איך גיב אים אַ פּאַטש; מאָרגן וועט ער פרעגן, פאַרוואָס ער גייט אין צוריסענע פּלודערקעס און חיים דעם מלוה'ס אינגל האָט צוויי פּאָר נייע; אין אַ יאָר אַרום וועט ער נעמען פרעגן קשיות אויף גאָט, אויף זיין פירונג, אויף... ווער ווייס נאָך וואָס? גלייכער אָפּצוהאַקן די טבע גלייך אין אָנהויב און אים צו ענטפערן: פאַרדאָס, אויף יעדן פאַרוואָס, און ניט ווייטער. אַזוי ענטפער איך אייך, דאָס הייסט איך ענטפער גאָרניט, און אַ סוף!

עס בלייבט דערביי! איך הויב גאָרניט אָן. ווייסט איר וואָס איך וועל אייך נאָך זאָגן? אָנהויבן איז צייטנווייז אַ געפערלאַכע זאַך. איך וועל אייך דערציילן, וואָס מיר אַליין האָט נעכטן נאָך אַ האָר געטראָפן. איך בין אַרויסגעגאַנגען אין גאַס כאַפּן אַ ביסל פרישע לופט. די לופט איז אַפילו ניט געווען איבעריגס פריש, אָבער פרישער ווי אין מיין קאַטוך, און איך האָב זיך פאַרטראַכט. איך האָב אָנגעהויבן צו פילאָזאָפירן:

מען זאָגט, אַז צו דיינקן איז אומעטום פריי, און אַז לופט איז אומעטום וואָלוועל — איז דאָס אמת? יעדער מענטש, לאָמיר רע־

כּענען, קען דיינקען אפילו אין אַסטראָג. דאָס איז גאַנץ ריכטיק. אָבער צעשטערט ניט דער אַסטראָג די געדאַנקען? ווען איך עס ניט גענוג און דערצו נאָך שלעכט; ווען איך שלאָף ווייניק און דערצו נאָך אויף אַ הייליע באַנק; ווען איך קום צום טיר פון מיין צימער און בלייב שטיין, ווייל איך קען ניט גיין ווייטער — זענען מיינע געדאַנקען פריי? זענען זיי ניט צעשטערט? קען איך דיינקען אַזוי פריי, און מיט אַזאַ קלאָרע קאָפּ, ווי איינער וואָס אים איז גוט אויפ'ן האַרצן? ווי דיינקט זיך, למשל, דעם אָרעמאַן אפילו אין אַ פרייע מדינה? — היינט נעמט די לופט... אָט איז די די לופט... איך האָב אָנגעהויבן אַ לאַנגע פילאָזאָפיע וועגן די לופט, ווען איך האָב מיטאמאָל דערהערט אַ געשריי פון אַ דראָשקאָווניק און האָב געפילט אַ מאָרדע פון אַ פערד איבער מיין קאָפּ און האָב דערזען מיין היטל אין בלאָטע נעבן מיינע פיס. בקיצור, מען האָט מיך שיעור ניט אַריבערגעפאָרן, און אַלץ ווייל איך האָב מיך אַריינגעלאָזן אין פוסטע רעיונות און האָב אָנגעהויבן... אָנגעהויבן צו פילאָזאָפירן. אָנגעהויבן, זעהט איר, איז צייטנווייז אַ געפערלאכע זאַך און דערפאַר —

בלייבט עס דערביי, איך הויב גאָרניט אָן! נאָר איך זע אַז איר ווילט וויסן וואָס פאַר געדאַנקען איך האָב געהאַט וועגן די פרישע לופט. איר מעגט דאָס וויסן. פרישע לופט, זאָגט מען, איז וואָלוועל. איך האָב גענומען די זאַך גוט באַטראַכטן, האָב באַטראַכט און האָב באַשלאָסן, אַז דאָס איז אַ ליגן. וואָרום אַ ליגן? אָט הערט: צווייטנס ווייל אין גרויסע שטעט איז איבערהויפּט ניטאָ קיין פרישע לופט; דריטנס, ווייל דער אָרימאַן קען ניט וואוינען אויסן שטאָט, און אפילו ווען ער וואָלט דאָס קענען, איז יעדער אָרימאַן אַן אַרבעטער, וואָס אַרבעט פון אויפשטיין אין דערפרי ביז'ן לייגן זיך שלאָפן בא נאַכט און האָט קיין צייט ניט צו געניסן די פרישע לופט; פערטנס, ווען אַן אָרימאַן געניסט אַ ביסל פרישע לופט, קריגט ער אַפּעטיט צום עסן, און עסן קאָסט געלט; פינפטענס... נאָר גענוג! איר זעט גאַנץ קלאָר, אַז פרישע לופט קען גאָרניט יעדער מענטש אַזוי לייכט האָבן, ווי מען מיינט, און אַז

איך בין גערעכט. איצט פרעגט איר אָבער, וואָרום איך האָב אָנגע־הויבן פון „צווייטנס“. אז איך וואָלט געזאָגט: ערשטנס, וואָלט דאָך דאָס געוועזן א מין אָנהויב, און איך וויל בשום אופן היינט קיין זאַך ניט אָנהויבן.

יע, עס בלייבט דערביי! איך הויב גאָרניט אָן.



# א ויכוח מיט די וועלט *)

ווי איך זע, רופט מיך די וועלט, „משוגענער פילאָזאָף“. וועלט, איך לאַך פון דיין קאָפּ! וועלט, איך שעם זיך דערמיט ניט א ברעקל! וועלט, דו ביזט א קלאָרער נאַר, אויב איך בין א משוגענער פילאָזאָף! וועלט, איך וועל דיר דאָס באווייזן. הער נאָר גוט צו.

פאַרוואָס רופסטו מיך משוגע? משמעות, ווייל איך רייד ניט סקלאַדנע, ווייל איך פיר ניט אויס, וואָס איך הויב אָן, אָדער אפשר, ווייל איך זאָג צו ניט אָנצוהויבן, גאָרניט אָנצוהויבן, און פיר אויס. דאָס רופסטו משוגע, וועלט? דו רופסט א מענטשן משוגע ווייל ער טוט ניט ווי „אַלע“ טוען — האַ? זאָג־זשע מיר, וועלט־קרוין־לעבן, איז דאָס גוט וואָס אַלע טוען? איז עס רעכט, אַט דאָס וואָס דיינע „אַלע“ טוען? איז עס קלוג, וואָס דיינע ליבהאַר־ציקע „אַלע“ טוען? זאָג, זאָג! איך גיב דיר צוויי מינוט צייט צו איבערלעגען. באַטראַכט מיין פראַגע גוט און גיב מיר אַן ענט־פער. דערווייל קען איך ריידן מיט מיינע לעזער.

* * *

ליבע לעזער, ווי האָט איר צוגעבראַכט פּסח? וואָס זאָגט איר? מיר זיינען אָרימע לייט, זאָגט איר, און מיר ברייננגען צו פּסח ווי א גאַנץ יאָר? איר זייט גערעכט: כהאָ לחמאָ עניאָ דאכלאָ אבהתנא באַרעא דמצרים**)—די אָרימע ברויט עסן מיר נאָך ביז היינטיקן טאָג, און אַנדערע האָבן דאָס אויך ניט. ווייסט איר, ליבע לעזער, אַז איר זייט גרויסע בהמות? מיט וואָס? פרעגט

*) „אַרבעטער פריינד“, 17טן מאַי 1889.

**) דאָס איז די אָרימע ברויט, וואָס אונזערע עלטערן האָבן געגעסן אין מצרים.

איר. גוט, איך וועל אייך ערקלערן. די צוויי ערשטע נעכט פון פסח זיינען געזעסן א סך רייכע פרומע אידן אויף היסב־בעטן און האָבן געזאָגט: „כל דכפין ייתי וייכול, כל דצריך ייתי ויפסח"*). ווארום זייט איר ניט געגאנגען צו זיי עסן? איר זאָגט, איר ווילט זיך ניט אראָפּווארפן — אייך פּאַסט ניט באַ זיי צו בעטלען. גאַנץ רעכט. בני מלכים דארפן זיין שטאָלץ. אָבער אויספּרובירן האָט איר זיי געמעגט. איר וואָלט דאן געזען, ווי פאַלש זיי זענען. איר וואָלט דאן פארשטאַנען, אז זייער אמונה איז א שקר, א בעטרוג. איר וואָלט דאן איינגעזען, אז זיי עפענען די טיר פאר אליהו הנביא נישט מער ווייל זיי ווייסן, אז ער וועט ניט קומען; אז זיי גרייטן אים אָן א כוס, א גרויסן כוס וויין, נישט מער ווייל זיי ווייסן, אז ער וועט ניט טרינקען... לאָז צו זיי קומען אַן אָרעמאַן, וועלן זיי אים אפילו א קליינע גלאָז וואסער ניט געבן. דאָס וואָלט איר איינזען, ווען איר וואָלט געקומען, ווען זיי האָבן אייך איינגעלאַדן מיט די ווערטער: „כל דכפין ייתי וייכול". און נאָך וואָס וועל איך אייך זאָגן... נאָר ווארט. די צוויי מינוט צייט זענען פארביי, און איך מוז זיך אומקערן צו די וועלט און הערן וואָס זי האָט מיר צו ענטפערן. איין ווייליניקע, ליבער לעזער, מיר וועלן באַלד ווי־דער שמועסן.

* * *

דו שווייגסט, וועלט? דו ענטפערסט ניט? גיי לייג אריין דיין קאָפּ אין א קעסטל זאמד, דו ביזט אויסגעוועבט און אָפּגעלעבט. אָבער איך וועל ענטפערן פאַר דיר. הער מיך אויס: וואָס דיינע „אַלע" טוען איז ניט גוט, איז ניט רעכט, איז ניט קלוג, און איך וועל זיי ניט נאָכטאָן — דו מעגסט מיך רופן משוגענער, ביז דו וועסט הייזעריק ווערן ריידנדיק. דיינע „אַלע" האָבן פיל נעמען,

---

*) קומט עסן, אַלע הונגעריקע! קומט מיטהאַלטן פסח, אַלע נויט־באַדערפטיקע!

זיי באשטייען פון פיל קלאסן, זיי געהערן צו פארשידענע נאציאָנען אוןריידן אלערליי שפּראכן. איך אָבער טייל זיי איין אין צוויי קלאסן: אין נ א ר ן און ש ו פ ט ן. דו דארפסט ניט מיינען, אז איך האָב פאר זיי קיין פיינערן נאָמען ניט געקאָנט געפינען. ווען איך וואלט נאר געוואלט, וואלט איך זיי געקאָנט רופן: שעפּסן און וועלף, אָקסן און שוחטים, ארבעטער און מייס־טער, בוימער און העק, באטראגענע און באטריגער, קנעכט און הער־שער, בלוט און פּיאווקעס, נעגל און האמערס, בלאסע און רויטע, שוואכע און שטארקע, אומשולדיקע און הינטערליסטיקע און טויזנט אנדערע אזעלכע מליצה'דיקע נעמען, אָבער איך וויל ניט; איך רוף זיי גאנץ איינפאך נארן און שופטן.

היינט איז אזוי, די גאנצע מאסע נארן און שופטן וואָס דו, וועלט, רופסט זיי „אלע" וואָס, באטראכט נאָר, טוען זיי? די נארן ארבעטן און שמאכטן, די שופטן גייען ארום ליידיק און גענ̇יסן! — איז דאָס גוט? די נארן גייען פאר דער צייט אין ד'רערד אריין, אום די שופטן זאָלן לעבן פארגניקט — איז דאָס רעכט? ביידע צוזאמען ווייסן ניט פון קיין ריכטיקן, פארנינפטיקן לעבן: די שופטען, ווייל זיי איז צו גוט, די נארן, ווייל זיי איז צו שלעכט — איז דאָס קלוג? און אויב דאָס, וואָס זיי טוען איז ניט קלוג, ניט רעכט און ניט גוט, ווארום זאָל איך זיי — דיינע ליב־הארציקע „אלע" נאָכטאָן? און אויב איך דארף זיי טאקע ניט נאָכטאָן, פאר וואָס־זשע רופסטו מיך משוגע, הא?

וועלט, דו ביזט א בהמה! לאָמיך זיך אומקערן צו מיינע לעזער...

* * *

יאָ, ליבע לעזער, איך וויל אייך נאָך וואָס זאָגן. צוויי מאָל צוויי איז פינף. איר גלויבט ניט? איבער דריי הונדערט־און־פופציק מיליאָנען מענטשן גלויבן אז דריי מאָל איינס איז איינס, און איר גלויבט ניט, אז צוויי מאָל צוויי איז פינף? אפשר זייט איר אויך נערעכט. איבערינענס האָב איך ארום דעם גאָרניט געוואלט ריידן.

איך האָב עפּעס געהאַט אַנאַנדער ענין אין קאָפּ... די וועלט האָט מיר צעשלאָגן מיינע רעיונות... נאָר איך בין איר קיין שונא ניט. איך וואָלט נאָר וועלן, אַז זי זאָל זיך פירן מיט מער שכל און זאָל האַלטן איר צונג אַביסל מער אין צוויק און זאָל ניט באַליידיקן מענטשן, וואָס זענען מענטשן און ניט אָבעזיאַנעס און ווילן ניט אַלץ נאָכטאָן, וואָס „אַלע“ טוען. און דאָס ברייננגט מיך אַף אַ געדאַנקען, אַף אַ גאַנץ נייעם געדאַנקען. אָט איז ער: מען זאָגט אַז מענטשן קומען אַרויס פון אָבעזיאַנעס; דאָס קען זיין. ווארום זאָל עס אַנדעש זיין, אַז מענטשן קומען ניט אַרויס פון אָבעזיאַנעס — טאָ ווי שיקט זיך אַז ניין־און־נייַנציק פון יעדע הונדערט קוקן נאָר אויף „אַלע“ און טאַנצן זיי נאָך? אויף דעם געדאַנקען וואָלט געלוינט צו נעמען אַ פּאַטענט, וואָס זאָגט איר? און איצט זייט געזונטערהייט, ליבע לעזער, איך האָב נאָך אַ פּאָר ווערטער צו זאָגן די וועלט. מיט אייך וועל איך נאָך ריידן אַן אַנדערשטמאָל.

* * *

זאָג מיר, וועלט, וואָס האָלסטו פון יענע וועלט? איך ווייס ניט פון איר און וועל געוויס ניט וויסן, ביז איך וועל איר באַזוכן. די, ווידער, וואָס זענען צו איר אָוועקגעגאַנגען, שווייגן. ווער איז זי און וואָס איז זי? פירט זיך אויך אַזוי ווי די? האָט זי אויך דעספּאָטן מיט אונטערדריקטע, נאַרן און שופטן? אָדער ווערן בא איר די נאַרן קלוג און די שופטן ערלאַך? אויב אַזוי, וואָלט אפשר געלוינט... ניין! איך האָב זיך שיעור אויסגערעדט אַ נאַרישקייט. זאָג מיר נאָך עטוואָס. טראָגן די מלאכי־חבלה אוניפאָרמס ווי צארישע זשאַנדאַרמען, אָדער... הא! מיין אייניקל איז דאָ! ער וועט שוין ניט לאָזן ריידן. זייט־זשע געזונט.

## פראַסט געפּלאַפּערט*)

עסט ניט פיל איידער איר לייגט זיך שלאָפן! טאָמער זייט איר — ניט פאר קיין אידן געדאַכט! — דיינקענדע מענטשן, דאן עסט גאָרניט פאר'ן שלאָף! הערט וואָס מען זאָגט אייך און פאָלגט אַן עלטערן. און אויב איר ווילט מיר ניט פאָלגן בלינד, הערט אויס אַ מעשה:

פאר־אַכט־טאָגן דאָנערשטיק האָב איך געקראָגן צו וויסן, אַז מיינע אַ שכנ'טע, אַן אלמנה, האַלט ביי'ן שטאַרבן. איך האָב אָנגע־טאָן מיינע שפּאַקולן, מיין קאַפּעלוש און מיין אויבער־ראָק און בין אוועקגעגאַנגען זען וואָס דאָרטן הערט זיך. בין געקומען צו יציאת־הנפש — — —

האַלט! אַ פּאָר ווערטער וועגן יציאת־הנפש. איר הערט זייער אָפט מענטשן זאָגנדיק, אַז זיי זענען געווען ביים יציאת־הנפש פון איינעם וואָס איז ניט לאַנג געשטאָרבן. האָט שוין ווער געזען, פרעג איך אייך, ווי די נשמה איז אויסגעגאַנגען? איך ניט. איך האָב געזען מענטשן וואָס זיי איז „ארויסגעגאַנגען די נשמה פון קאָפּ פאַר אַ גראָשן", אָבער דאָס איז געווען פאַרן לעבן, ניט פאַרן טויט. איבערהויפּט וואָלט איך וועלן וויסן ווי די נשמה גייט אויס, אַף וואָס פאַר אַן אופן זי גייט אויס? אויסגיין קען מען אַף פאַרשידענע אופנים אפילו שמונה־עשרה. אַ ליכט גייט אויך ניט אויס אַלע מאָל גלייך און ניט אַלע קליידער גייען אויס אַף דעם זעלביקן אופן פון די מאָדע. מענטשן גייען אויס שפּאַצירן, מענטשן גייען אויס פון די כחות, מענטשן גייען אויס'ן הויט, מענטשן גייען אויס פאַר אַ זאַך וואָס זיי ווילט זיך, מענטשן גייען אויס פאַר הונגער און אין לאָנדאָן גייען מענטשן אויס „טרעוולען"**). אָבער אויסגיין און

---

*) „אַרבעטער פריינד", 7טן יוני 1889.

**) פּעדלען, אַרומפּאָרן פּאַרקויפן סחורת.

אויסגיין איז ניט גלייך. איך האָב געזען ווי בא מענטשן איז אויסגעגאַנגען דער פייער ווייל בא זיי איז אויסגעגאַנגען געלט אָבער ביידע אַרטיקלען גייען ניט אויס בא אַלעמען גלייך. זייגערס גייען אויך אויס אָבער ניט אַלע זייגערס גייען אויס איינער ווי דער אַנדערער — מיין זייגער, למשל, גייט אימער אויס אַף מאָרגן נאָכ'ן פאַרזעצן. וויזשע גייט אויס די נשמה, פרעג איך?

עס קען זיין אַז די נשמה גייט גאָרניט אויס. עס איז דאָ אַ סך זאַכן וואָס מען הערט פון זיי און מען זעט זיי ניט. מען זאָגט: יענער קאַיט די ערד. האָט שוין ווער עס איז געזען מענטשן קאַיענדיק ערד? אין טערקישן קריג האָבן די רוסישע סאָלדאַטן געקאַיט גיפּס, וואָרום די פּאָדריאַטשיקעס האָבן אויסגעפונען אַז גיפּסענע מעל איז וועלוועלער ווי ווייצענע און אַז אַ מענטש גייט שוין יאָ שטאַרבן, מאַכט אים ניט שטאַרק אויס צו ער שטאַרבט פון טערקישע קוילן אָדער פון בויכווייטאָק. דאָס איז אמת, אָבער גיפּס איז גיפּס און ערד איז ערד, און ערד קאַיט קיינער ניט, דער עולם מעג זיך זאָגן וואָס ער וויל. איצט נעמט אַנאַנדער זאַך... ניט אַ „דבר־אחר“, איך מיין איינפאַך אַן אַנדער קעגנשטאַנד. אָט איז... וואָרט אַ ווייליִנקע. איר מעגט הערן אַ גוט וואָרט פון מיין אייניקל:

היינט אינדערפרי האָב איך גערעדט מיט אים וועגן פּראָצענטניקעס. אין גרוים היץ האָב איך אָנגערופן אַ געווויסן פּראָצענטניק — „דבר־אחר“. „זיידע, זאָגט ער, איך וואָלט אַ פּראָצענטניק ניט פאַרגליכן מיט אַ „דבר־אחר“. „פאַרוואָס ניט?“ פרעג איך. „פאַר־וואָס? זאָגט ער, מחמת דאָס איז אַ באַליידיקונג פאַר די שווינע...“

ניט שלעכט פאַר אַ אינגל פון אַכט יאָר, האַ? נאָר לאָמיך זיך ניט צופיל פאַנאַנדערלאָזן וועגן „דברים־אחרים“, דאָס איז אַ געפערלאַכער געגנשטאַנד. איך האָב אַמאָל אָנגעגריפן (דאָס איז געווען אין אַ בייזע שעה!) איינעם, וואָס איך האָב אים געהאַלטן פאַר אַ בהמה, אָבער אַ כשר'ע בהמה'לע; עס האָט זיך אָבער אַרויסגעשטעלט, אַז ער איז אַ דבר־אחר. די מעשה האָט מיר געקאָסט געזונט און צייט און געלט... געלט? דאַכט זיך דאָס גראָד ניט.

וואָרים איך האָב ניט געהאַט. בקיצור אָך וועל איצט אַ צענטן פאַרזאָגן מיט אַזעלכן זיך אָנצוהויבן. משה רבינו איז קיין נאַר ניט געוועזן; ניט נאָר נאָך דער דעה נאָך פון די, וואָס זאָגן, אַז „משה לא היה ולא נברא", *) אפילו נאָך די, וואָס גלויבן אין דער תורה מיט אַלע מפרשים. ציַ ער איז ווירקלאָך געוועזן דער גרעסטער ענו פון אַלע מענטשן און האָט דאָס אַליין אַף זיך געשריבן — דאָס ווייס איך ניט, אָבער קיין נאַר איז ער ניט געוועזן, און ווען ער האָט אידן אָנגעזאָגט, אַז זיי זאָלן מיט אַ דבר־אחר ניט האָבן צו־טאָן, איז ער געוועזן גערעכט. איך וועל דערפאַר אַרום דעם געגנשטאַנד ניט מער ריידן. נחזור לענייננו.

איצט נעמט אַן אַנדער... אַן אַנדער געגנשטאַנד. מען זאָגט: יענער איז אַ גנב, אַ ווייסל פון אויג. פרעג איך ווידער: האָט ווער אַ ווייסל פון אויג געזען גנב'ענדיק? ווי קומט אַ גנב צו אַ ווייסל פון אויג? אָך קען פאַרשטיין, ווי אַ גנב קומט צו אַ ווייסל פון אויג, די שייכות פון אַ ווייסל פון אויג מיט אַ גנב איז ניט גרעסער ווי די שייכות פון אַ פאַטש צו גוט־שבת. דער אמת איז, מענטשן ריידן אַרום זאַכן, וואָס זיי פאַרשטייען ניט.

אָט איז נאָך אַ ביישפּיל: מען זאָגט דאָ אין ענגלאַנד: די און די מיידל „גייט" חתונה האָבן. דאָס איז אויך ניט מער ווי געזאָגט; קיין אידישע מיידל ג י י ט ניט חתונה האָבן, זי פ אָ ר ט; אַנדערע ווילן זאָגאַר ניט אַנדערש פאָרן ווי אין אַ קאַרעטע. רופט איר דאָס „גיין"? מענטשן ריידן ווי עס פאַלט זיי אַריין אין מויל; אַזוי ריידן זיי אַרום אַלץ און עס קען זיין, אַז דאָס וואָס מען זאָגט: „באַ יענעם איז די נשמה אַרויסגע־גאַנגען", איז אויך ניט מער ווי געזאָגט און אַז אין אמת'ן גייט גאָר באַ קיינעם די נשמה ניט אַרויס.

ווי אַזוי בין איך אַרויפגעקומען אַף די רייד? אָ, ריכטיק! ריידנדיק וועגן מיין שכנ'טע די אַלמנה, צו וועלכער איך בין געקומען קורץ פאַר איר טויט. די מעשה איז זייער אינטערע־

---

*) משה האָט קיינמאָל ניט עקזיסטירט.

סאַנט. ווען איר וועט איר הערן, וועט איר פאַרשטיין, פאַר וואָס עס איז ניט כדאי צו עסן פאַר'ן שלאָף. נאָר היינט קענט איר די מעשה ניט הערן, ווארים איך האָב דערצו קיין צייט ניט. אַן אַנדערס מאָל.

# אַלץ ניט דאָס*)

אויב איר גערייִנקט, בין איך פאַר־אַבט־טאָגן דאָנערשטיק געווען בא מיין שכנ'טעם טויט. פרייטיק איז געווען די לויה און בא דער לויה בין איך אויך געווען. נאָך דער לויה בין איך א צייט ארומגעגאַנגען אין גאַס און בין געקומען אַהיים פאַרמאַטערט און הונגעריק...

ווער עס וויל זיין בא אַ ריכטיקער אמת'ער לויה און וויל זען ריינע ערלאַכע טרערן און וויל הערן אַ ערנסטן, הערצלאַכן קלאָג — זאָל גיין מלוה זיין אַ אָרימאַן, וואָס לאָזט איבער קינ־דער, אָרימע קינדער. רייכע קינדער, זיי מעגן זייער פאָטער ווער־וויים ווי ליבן, קענען קיינמאָל ניט גאַנץ אויפריכטיק וויינען, ווייל דעם פאָטער'ס טויט מאַכט דאָך פון געצוואונגענע קינדער פרייע מענטשן און עס לעבט זיך נאכהער עפּעס גאָר אַנדערש, ווען מען האָט אַף זיך קיין אויבערהאַר ניט מער און מען קען פאַרשפּילן צען מאָל אַזוי פיל אין קאַרטן און קיינער זידלט זיך ניט. אָרימע קינדער וויינען ניט, וואָס זייער פאָטער איז ניט געשטאָרבן מיט צען יאָר צוריק און רייסן זיך ניט גלייך נאָכ'ן טויט איבער דער ירושה.

גלויבט ניט די שבועה פון אַ קרעמער, די גוטהאַרציקייט פון אַ „פעטער"**), די מענטשנליבע פון א גענעראַל, די פאָלקס־פריינדשאַפט פון א קייזער, די ערלאַכקייט פון א דיפּלאָמאַט, די

---

*) „אַרבעטער פריינד" 14טן יוני 1889.

**) אַ באַזיצער פון א פּאַון־שאָפּ (לאַמבארד) און ווער עס לייט געלט אַף פּראָצענט.

פאָטער־ליבע פון א קרוינפרינץ, די צניעות פון א יונגע קעניגלאכע אלמנה, די שיינהייט פון א שוישפּילערין, די יונגנטלאכקייט פון א שוישפּילער און דעם „מיר“ פון א צייטונג־שרייבער. דעם צייטונג־שרייבער'ס מיר איז איך, דער שוישפּילער איז ניט אזוי יונג ווי ער זעט אויס, די שוישפּילערין אף דער בינע איז געפאַרבן, די קעניגלאכע יונגע אלמנה האָט ארום זיך פאָלקאָווניקעס, דעם קרוינפרינץ ווילט זיך די קרוין, דער קייזער ליבט זיין פאָלק ווי דער ישובניק זיין קו, דער גענעראל איז בטבע א מערדער, דער פעטער — א שטיינערנער רך־לב און דער קרעמער — א ליגנער. איר זאָלט דערפאַר קיינעם פון זיי ניט גלויבן, אָבער נאָך פיל ווייניקער ווי זיי אלעמען זאָלט איר גלויבן די טרערן פון א יונגן יורש ווען איר זעט אים אף דער לויה פון זיין רייכן פאָטער.

דארום זאָג איך: אויב איר ווילט זען אמת'ע טרערן גייט מלוה זיין אָרימע־לייט. אזעלכע טרערן האָב איך געזען אף מיין שכנ'טעס לויה, פון וועלכע איך בין צוריק געקומען מיד און הונגעריק אהיים...

הונגעריק — אהיים! מיין אייניקל (זאָל זיך האָדעווען אף לאַנגע יאָר!) קומט אלע טאָג הונגעריק אהיים, אָבער ער האָט א היים וואוהין צו קומען און ער געפינט עטוואָס מיט וואָס צו שטילן דעם הונגער. ווער ווייס צי פאַרשטייען די זאַטע מענטשן, וואָס וואוינען אין גרויסע הייזער, וואָס דאָס הייסט אזוינס זיין הונגעריק און ניט האָבן קיין היים? ווער ווייס צו קענען זיי באַגרייפן ווי א מענטשן איז צו מוט, ווען ער גייט ארום בא נאכט אין גאס, ווייל ער האָט ניט וואו די קאָפּ אוועקצולייגן און ער איז דערצו נאָך הונגעריק? ווועט ווען עס איז קומען א צייט ווען מען וועט זיי געבן צו פארזוכן א פאָר מעת־לעת ניט עסן מיט א נאכטלעגער אין גאס? איך וויל אף זיי קיין נקמה ניט זען — ניט איך: איך בין פילאָזאָף גענוג אום צו פאַרשטיין אז עס איז ניט דעם מענטשנ'ס שולד, וואָס ער ווערט געבאָרן אין א העמדעלע. וואָס קען אן „אָרימער“ גביר נעבאך טאָן, ווען זיין פאָטער איז רייך געוואָרן פון ארימע לייט'ס ארבעט און האָט אים געלאָזן א

גרויסע ירושה? איז דאָס זיין שולד? געווים ניט און איך האָב צו אים גאָרניט. אָבער וועלן וואָלט איך דערלעבן די צייט ווען רייכע לייט וועלן קריגן צו וויסן וואָס א תענית אָן אָנצובייסן האָט צו באַדייטן, לאָזן זיי וויסן „פּאָ טשעמו פונט ליכאַ".*)

א תענית אָן אָן אָנצובייסן מיט א נאַכטלעגער אונטער א בריק! מיין פעדער שרייבט עס געלאַסן און רואיק א שטייגער אזוי ווי זי וואָלט געשריבן א־תנאים פאר א חתן־כלה וואָס פאַר־הייראַטן זיך ווייל ער איז אַן אַלמן און זי א גרושה און איך וויל דאָ פארדינען שדכנות און מער גאָרנישט. ווייס מיין פעדער די ריכטיקע באַדייטונג פון די שרעקלאַכע ווערטער? ניט מער ווי דער „רייכער מאַן, נעבאַך" וואָס ווערט משוגע טראַכטנדיק ווי אזוי צו פארשווענדן דעם טאַטנ'ס ירושה. און פון וואַנען זאָל אזא דומע פעדער מיט אַן אייזערנער האַרץ וויסן אזעלכע זאַכן? פּאַרצייטיקע פעדערן פלעגן אַרויסקומען פון גענז, פון לעבעדיקע באַשעפענישן און אפילו זיי האָבן מיט זיך געלאָזן שרייבן טויט־אורטיילן פון געקרוינטע און ניט געקרוינטע מערדער און פילע אַנדערע שענדלאַכע זאַכן. וואָס־זשע קען מען פאַרלאַנגען פון א שטאָלענע פעדער, וואָס קומט אַרוים פון דעמזעלביקן מעטאַל פון וועלכן מען מאַכט האַרמאַטן און ביקסן, חלפים פאר פיר־פיסיקע בהמות און שווערדן פאר צוויי־פיסיקע, נאַרישע נעגל וואָס קריכן אומעטום אריין ביזן האַלז, אזוי גיך ווי קריגן א טראַסק אין קאָפּ פון אַנאַנדער דומע שטיק אייזן אין דער האַנט פון א מענטשן, גראַדע אזוי ווי דער נאָגל וואָלט געווען אַן אַרבעטער וואָס ווערט געשלאָגן פון א ווערק־פירער, וואָס ער איז אַליין א געדונגענער שקלאַף בא א פאַבריקאַנט. אָט פון אזא משפחה קומט מיין פעדער — קומען אַלע היינטיקע פעדערן — אַרויס, היינט גיי פאַרלאַנג פון איר געפיל!

נאָר ניט אַרום דעם האָב איך געוואָלט ריידן. איך האָב אייך געוואָלט דערציילן א העכסט אינטערעסאַנטע מעשה, א חלום וואָס

---

*) וויפיל קאָסט בא אייך א פונט רשעות? (שפּריכוואָרט).

מיר האָט זיך געחלומ'ט קומענדיק אהיים נאָך מיין שכנה'טעס לויה. איך האָב געוואָלט באווייזן ווי געפערלאך עס איז צו עסן פארן שלאָף, איבערהויפט ווען מען איז א דענקנדער מענטש. דאָס האָב איך געוואָלט, נאָר מיינע געדאנקען זענען אזוי צעשלאָגן אז איך קען קיינמאָל ניט אויפשרייבן וואָס איך וויל, א גוטער שריי־בער דאַרף איינגנטלאך גאָרניט דיינקען, אָדער ער דאַרף קענען האַלט זיינע געדאנקען אין צוויק. ווען ער קען דאָס ניט, דאַרף ער וויניקסטנס קענען איינהאַלטן די געפערלאכע געדאנקען, זיי זאָלן ניט שטערן דעם גאנג פון די מעשה וואָס ער באשרייבט, אָדער זיי גאָר באהאלטן, באַהאַלטן אונטער א בארג פראזן, פוס־טע לייכטע פראזן, וואָס קענען דעם קלענסטן געדאנק ניט צע־קוועטשן און באהאלטן אים דאָך... ווי אידישע מחברים טוען זייער אָפט מיט זייערע געדאנקען. איך וועל קיינמאָל קיין גוטער שרייבער ניט זיין. דאָס וויים איך. דאָס האָב איך געוואוסט מיט עטלאכע און פערציק יאָר צוריק, ווען... נאָר וואָס איז דאָ צו ריידן? וואָס איז געווען, איז געוועז — האָט א קלוגע ישובניצע אמאָל געזאָגט ווען זי האָט דעם ערשטן מאָל געהערט פון חורבן בית המקדש. אויב זי לעבט נאָך, זאָל זי לאנג לעבן.



## דער מלאך המות *)

ווי איך האָב אייך שוין עטלאכע מאָל געזאָגט בין איך געקו־מען מיד און הונגעריק אהיים פון מיין שכנה'טעס לויה. איך האָב אָפּגעגעסן וועטשערע און האָב מיך גלייך געלייגט שלאָפן. מיט אמאָל איז בא מיר אין צימער געוואָרן ליכטיק און א רגע שפּע־טער גלייך ווידער פינסטער. פאַר מיר איז געשטאַנען א שוידער־האַפטע געשטאַלט מיט אומגעהייער פיל אויגן, מיט מער אויגן ווי שטערן אין הימל. איך האָב, נאַטירלאַך, גלייך פאַרשטאַנען ווער דער בעל דבר איז; דאָס איז געוועזן דער מלאך המות אליין

„קומסטו נאָך מיר?" האָב איך אים געפרעגט, ציטערנדיק אין אלע מיינע אברים, ווארום יאָ פילאזאָף, ניט פילאָזאָף — גראַ־דע דאַן האָב איך קיין חשק ניט געהאַט צו שטאַרבן.

„ניין אלטינקער, איך קום צו דיר", האָט ער געענטפערט און האָט אזוי פאַרטגעזעצט: איך קום צו דיר, ווייל איך וויל מיך מיט דיר אביסל דורכריידן. דיין טויט באדאַרף איך ניט, אים געגנטייל, איך וויל, אז דו זאָלסט נאָך לעבן, בכדי אז דו זאָלסט איבערגעבן אנדערע, וואָס איך וועל דיר זאָגן."

„רייד־זשע, רייד, איך הער", האָב איך געזאָגט. „דו ווייסט", האָט ער זיך אָפּגערופן, אז איך האָב א נאָמען פאַר א שלעכטן אין דער וועלט בא אייך; מענטשן מיינען, אז איך בין א גערונגענער קאַט, וואָס טויטעט, ווייל ער האָט קיין אנדער באשעפטיקונג ניט. האלב איז דאָס אמת און וואָלט מען אף מיר געזאָגט ניט מער, ווי דאָס, וואָלט איך שוין געשוויגן. אָבער זיי באנוגנען זיך ניט דער־מיט: זיי זאָגן, אז איך האָב גאָר הנאה פון הרג'ענען מענטשן

*) „אַרבעטער פריינד" 28טן יוני 1889.

— דאָס, זעסטו, פארדריסט מיך. זאָג מיר, דו ביזט דאָך עפּעס א שטיקל פילאָזאָף, וואָס האָב איך געקענט האָבן פאר א שנאה קעגן דיין שכנ'טע, וואָס איז היינט געשטאָרבן? וואָס האָט זי מיר געטאָן? וואָס, למשל, קען איך האָבן צו די מיליאָנען עופ'ער־לאך, אָרימע קליינע קינדער, פון א טאָג ביז פינף יאָר אלט וואָס איך ברייננ זיי אלע יאָר דעם טויט?"

„אדרבה, פארוואָס טוסטו דאָס?"

„פארוואָס? פארוואָס קוילעט דער חלף די הון? פארוואָס שניידט די זעג דעם בוים? פארוואָס שיסט דער ביקס דעם סאָל־דאט? דער ביקס, די זעג, דער חלף זיי זענען ניט שולדיק, זיי טוען, וואָס דעם מענטשנ'ס האנט הייסט, זיי זענען ווערקצייג צום מאָרדן און דאָס נעמלאכע בין איך אויך".

„קען זיין, ווי קומט עס אָבער, אז מען האָט אף דיר אויסגע־טראכט אזא שם־רע?"

„אָט־דאָס, זעסטו, וויל איך דיר ערקלערן. דאָס איז זייער איינפאך, בא אייך מענטשן איז דער פירונג אזוי, אז איינער האָט צופיל און דער אנדערער גאָרניט. בא אייך זענען דאָ עטלאכע רייכע לייט און אָן א שיעור אביונים. די אביונים האָרעווען פאר די רייכע און האָבן אליין ניט פון וואנען צו לעבן. די אביונים שטארבן טויזנטערווייז פאר דער צייט. די רייכע האָבן מורא, טאָמער וועלן די אביונים דאָס איינזען און מאכן א גוואַלט. וואָס טוען זיי? דינגען זיי געלערנטע פרומע גנבים, אז זיי זאָלן ארומ־גיין און זאָגן, אז דאָס, וואָס די אָרימע לייט שטארבן אזוי פיל, איז דאָס מיין שולד..."

„וואָס איך הער!"

„געוויס, הער ווייטער. ווען א מענטש לעבט שלעכט, ווען ער וואוינט אין שמוץ, אין איין חדר מיט נאָך פינף־זעקס נפשות, און עסט ניט געגנוג און שלאָפט ניט פון דאגות, ווערט ער נאטיר־לאך קראנק. ער גייט אָרום, ער רעדט, ער טוט און זעט אויס אָפּן פּנים געזונט, אָבער אינערלאך איז ער א קראנקער מענטש. אזעל־כער האָט חתונה מיט א מיידל, וואָס איז ניט געזונטער פאר אים

אליין. זיי לעבן און האָבן קראַנקע קינדער. די קראַנקע קינדער האָבן ניט קיין גוטע אויפפּאַסונג, קיין ריינע לופט, אפילו ניט קיין געזונטע מוטער־מילך. זיי שטאַרבן טויזנטערווייז. דאָס קריינקט די אביונים. זיי האָבן אפילו ניט וואָס די קינדער צו געבן עסן, אָבער זיי ליבן זיי דאָך. אום זיי זאָלן ניט מאַכן יד־אחת קענן די וואָס נעמען פון זיי אַלץ אוועק זאָגן זיי די געדונגענע פרומע ליגנערס, אז דער בייזער מלאך־המות איז אין דעם שולדיק".

„אַי, אַי, אַי!"

„הער ווייטער. די רייכע בויען שיפן צום זינקען, ווייל זיי פארזיכערן די שיפן מיט די סחורה אין מער געלט, ווי זיי זענען ווערט, און אביונים ווערן דערטרונקען; זיי ווערן רייך פון קוילנגרובן, וואָס די גרעבער אין זיי פאַרלירן הונדערטערווייז דאָס לעבן; זיי מאַכן שרעקלאַכע מלחמות און הרג'ענען צו מייסטנס אָרימע לייט; זיי בויען פאבריקן אף אזא מין אופן, אז עס זאָלן קענען פּלאַצן קעסלען, אָדער אַנדערע אומגליקן זאָלן מעגלאָך זיין, אבי זיי זאָל אלץ קאָסטן וועלוועלער דער מאַכן; זיי האַנד־לען מיט ברויט און העכערן דעם פרייז פון עסנוואַרג, אום רייכער צו ווערן, און די אביונים שטאַרבן דערוויייל פון הונגער. זיי טוען דאָס און טויזנט אנדערע זאכן און אזוי ווי זיי האָבן אין גרונט הארצן מורא פאר די אביונים, ווייל די אביונים זענען פיל און זיי זענען ווייניק — וואַרפן זייערע געדונגענע פרומע ליגנערס דעם בלבול אף מיר".

„דאָס איז זייער לייכט מעגלאָך".

„מעגלאָך? אזוי איז דאָס. אָט וועל איך דיר אין קורצע ווערטער דערציילן א מעשה:

פאר א יאָרן האָבן חתונה געהאַט צוויי יונגע מענטשן. ער האָט געאַרבעט אין פאבריק, זי בא א נייטערקע. זיי האָבן זיך גע־ליבט, היים געליבט! ער האָט אָבער שוין אונטער דער חופּה געהאַט א לונגען־פעלער און א פּאָר חדשים נאָך דער חתונה האָב איך געקראָגן דעם אויפטראג צו גיין צו אים. איך בין געקומען. ער איז געלעגן אָן כחות, אָן לעבן, כמעט, אף אַן אָרימען געלעגער.

זיין יונגע ווייב האט געוויינט מיט בלוטיקע טרערן און ער איז גע־שטארבן... זי איז געבליבן אן ברויט. זי האט ניט געקענט קריגן קיין ארבעט און איז געווען צו שטאלץ בא זיך אום צו בעט־לען. איר הארץ האט זי מיטגעגעבן דעם מאן אין קבר אריין, אבער אין איר לייב איז געוואקסן די פרוכט פון איר ליבע. אין צרות, אין הונגער, אין נויט — אבער געוואקסן איז עס. זעקס, זיבן מאנאט זענען אזוי פארגאנגען. ווי זי האט געלעבט, ווייס איך ניט. ענדלאך האט זי געהאט א קינד און א טאג שפעטער האט מען מיך געשיקט איר באפרייען פון דלות. זי האט אליין גע־וואלט שטארבן, אבער זי האט געטראכט ארום איר עופ'עלע און האט געוויינט. איך האב איר געלאזן א קוק טאן, א לעצטן קוק טאן אף איר קינד און האב איר דאן אוועקגענומען פון דער וועלט".

„נעכטן האב איך צוגענומען איר קינד".

„אומגליקלאכע פאמיליע!" האב איך אויסגערופן.

„און איצט — האט דער מלאך־המות געזאגט — ווען די געדונגענע ליגנערס זאגן, אז דאס איז מיין ארבעט, א שטייגער ווי מיר וואלט עפעס דערפון ארויסגעקומען".

„און וואס זאגט גאט דערצו?"

„ארום אים האב איך קיין שליטה ניט צו ריידן. זאגן מעג איך דיר, אז איך פארשטיי אליין ניט ווי ער לאזט דאס צו".

## צענדליקע, פליגן און שפינען *)

די צאָל צען איז א מערקווירדיקע. חוץ פרעה'ס צען מכות און המנ'ס צען זין... האלט! מיר דאכט זיך, אז די מכה חשך און המנ'ס זון דלפון זענען געבליבן ביז היינטיקן טאָג אין דער וועלט, און מען זעט געוויינטלאך, אז דער חשך און דער דלפון זענען צוזאמען, ווארום דעם אָרימאַן איז פינסטער און ביטער... חוץ, זאָג איך, המנ'ס צען זין און פרעה'ס צען מכות זענען געוועזן די צען מאמרות, דורך וועלכע די וועלט איז באשאפן געוואָרן, וועלכעם באווייזט ווי כשר דער רבש"ע האָט פארדינט זיין רו דעם זיבעטן טאָג און ווי כשר מאַנכע דירעקטאָרס פון אייזנבאַ-נען, מאַנכע מיניסטערס פארדינען זייער שבת, ווייל זיי גיבן אין דער וואָך מער ווי א הונדערט מאמרות און באפעלן, און ווערן נאָך מער פארמאַטערט ווי ער, כביכול, אליין; דאן זענען ווידער גע-וועזן צען אייזלען וואָס האָבן אוועקגעטראָגן ווי עס שטייט אין דער תורה, „מטוב מצרים" אלע גוטע זאכן, אייזלען, וואָס די ענגלענ-דער שעמען זיך ניט זיי נאָכצוטאָן נאָך היינטיקן טאָג, הגם די וועלט האלט ניט זייער שטארק פון דעם אייזל'ס שכל... דאן, ווידער, ווייסן אלע פון די צען גראַד, אָדער שטונדען (עשר מעלות אחרנית) וואָס די זון איז צוריקגעגאנגען אין חזקיהו'ס צייטן, וואָס דאָס איז א פּאטש אין פּנים פאר די לומפּיקע אסטראָנאָמיע, וועל-כע באהויפּטעט, אז די זון גייט גאָרניט, און אז די ערד, וואָס גייט יאָ, מוז אימער גיין דעמזעלבן גאנג.. חוץ דעם געפינען מיר אין דער תורה דוד'ס צען קעבס-ווייבער, וואָס זיין זון אבשלום האָט ניט אָנערקענט פאר מאמעס, און האָט זיי באהאנדלט, ווי דוד אליין

*) „אַרבעטער פריינד", 12טן יולי 1889.

האָט באהאנדלט בת־שבע'ן, איידער ער האָט געלאָזן צו'הרג'ענען אוריה החתי (עליו השלום) וואָס בא אָט־דער געלעגנהייט האָט נתן הנביא געזאָגט דוד'ן דעם שיינעם משל מיט דעם קצין מיטן אָרימאַן מיט די איינציקע שעפּסעלע, וואָס דאָס, ווידער, באווייזט, אַז די קצינים האָבן פון אייביק אָן האָלט געהאַט פרעמדע... דאַן זע־נען געווען די צען שבטים, וואָס זענען מער ניטאָ, מחמת זיי זע־נען פארלאָרן געגאַנגען, און די צען טעג תשובה, וואָס זענען נאָך דאָ אַלע יאָר בא אידן, ווייל זיי זענען ניט פארלאָרן געגאַנגען, הגם די תשובה וואָס ווערט געטאָן יענע צען טעג איז ניט איבריק גרויס, וואָרום דער קרעמער נאַרט דאַן אָפּ זיינע קונדן ווי געוויינ־לאַך, און דער פאַבריקאַנט באַרויבט זיינע ארבעטער ווי א גאַנץ יאָר, און דער מלוה רעכנט זיינע פּראָצענט ווי אימער, און דער ציימונג־שרייבער זאָגט זיינע ליגנס ווי אַלע מאָל, און דער גנב (איך מיין, דער אונגעזעצלאַכער גנב, ווייל עס זענען דאָ געזעצ־לאַך־פּריווילעגירטע גנבים). דער גנב גנב'עט אין די עשרת ימי תשובה ניט ווייניקער ווי אין די איבריקע דריי הונדערט־עטלאַכע־און־פופציק טעג פון יאָר.

געוואַלט! וואָס טוט מען מיט די פליגן? היינט פאַרנאַכט האָב איך מיך אַף א ווײַלע צוגעלייגט האָב געוואָלט איינדרעמלען, אָבער די פליגן האָבן ניט געלאָזן. די פליגן זענען עכטע פּאַראַ־זיטן, פּוסט־און־פּאַסטניקעס, לײדיקגײיערס, גאָרנישט־טוערס, טעַ־לער־לעקערס, בטלנים, האַבונעס און קריכערס. זיי קומען צו אייך ווען די זון שיינט ווען עס איז דאָ וואָס צו נאַשן, ווען אויפן טיש ליגט עסנוואַרג און דאָס וואָס זיי קענען ניט עסן אַליין, מאַכן זיי אַז איר זאָלט אויך ניט קענען עסן. זיי באַפאַלן א שטיקל צוקער, ווי קאַפּיטאַליסטן באַפאַלן א נייע שטיקל לאַנד, און דער שטרייט צווישן זיי איז אַזוי גרויס, אַז זיי פאַרשמירן די שטיקל צוקער און קענען דערנאָך אַליין פון איר קיין הנאה ניט האָבן. ווי זיי אַליין רופן דאָס, ווייס איך ניט,נאָר איך רוף דאָס פּאַראַזיטן־קאָנקורענץ. זיי מיינען אַלץ וואָס איז זיס געהערט צו זיי, און זיי פאַרגיפּטן זיך זייער אָפּט דורך זייער פאַרפלוכטע נאַש־לוסט, דורך זייער־ע

פּאַראַזיטישע געוואוינהייט צו לעבן פון פרעמדע האָרעוואַניע. דורך זייער קלעטערן צו הויך פאַלן זיי זייער אָפט אַריין אין די הענט פון נאָך גרעסערע און קליגערע פּאַראַזיטן, ווי זיי אַליין זע־נען, אין די הענט פון די שפּינען — אַ שיינע ריינע כפּרה אויף זיי!

און די שפּינען! אָ, זיי זענען אַ קלוגע נאַציע! זייער גע־וועב איז ניט איבעריקס שטאַרק, אָבער גענוג שטאַרק פאַר די, וועל־כע זיי ווילן פאַנגען. זיי דרייען די קעפּ אויף טויזנט אופנים און מאַכן די פיינסטע געוועב אין דער וועלט און פאַנגען זייערע נאַ־רישע פליגן, וועלכע לעבן אַליין פון רויב, אין פוילקייט און אין בטלנות...

„אַ שטייגער, — זאָגט מיין אייניקל צו מיר — ווי די קליינע שווינדלערס לעבן פון די אַרבעטער און די גרויסע שווינדלערס לעבן ווידער פון זיי, פון די קליינע".

„דו ביזט גערעכט — ענטפער איך אים — גערעכט מיין קינד, און די שפּינען ווערן וואָס פון טאָג קליגער און וועבן זייע־רע נעצן פאַר די פליגן אַלץ פיינער; אפשר וועט קומען אַ צייט, ווען מיר וועלן דורך די שפּינען פּטור ווערן פון די פליגן, פון אַלע פליגן..."

„און די שפּינען?"

„אויף זיי וועט קומען אַ בעזים... מיט איין קער וועט דער בעזים פאַרניכטן זייער גאַנצע קלוגע וועבעריי..."

# וואָס פרומע אידן טאָרן ניט לייענען*)

יא, איך גלויב, אז צום ווערן משוגע פעלט מיר נאָר דער גוטער ווילן — די געלעגנהייט דערצו האָב איך... און זאָגט מיר ניט, איך בעט אייך, אז איך בין אַלעמאָל מטורף, ווייל דאָס איז אַזוי אמת, ווי עס איז אמת — אז דער רבונו־של־עולם לייגט תפלין; אז דוד המלך לעבט נאָך ביז היינטיקן טאָג; אז פנחס בן־יאיר'ס אייזל האָט ניט געגעסן אָן מעשר; אז עוג מלך הבשן האָט געהאַלטן אַ בארג אפ'ן קאָפּ; אז פון דער סליונע פון קלויזניקעס באַם דרעמלען ווערן באַשאַפן רשעים; אז ר' לוי האָט אָפּגענארט דעם מלאך־המות; אז ר' יצחק איז געווען אַ שוסטער און האָט זיך דערמיט ניט געשעמט; אז דער נאָמען פון משיח איז באַשאַפן געוואָרן פריער ווי די וועלט; אז די אידישע ווייבער אין מצרים פלעגן האָבן זעקסטלינגס; אז ר' אליהו ווילנער האָט געמאַכט אַ גולם; אז פאַר אידן איז שיין דלות, אז אדם הראשון האָט געזינדיקט מיט לילית'ן; אז דער בית־המקדש פלעגט זיך פאַנאַנדערציען צוליב די עולי־רגל; אז מנשה האָט אינווייניק אריינגעשטעלט אַ צלם; אז דעם טעלעגראַף האָט אויסגעטראַכט אַ חסידישער רבי; אז דער שטן האָט מורא פאַר שופר בלאָזן; אז די עשרה הרוגי מלכות זענען גע'הרג'עט געוואָרן אין איין צייט; אז משה רבינו איז רייך געוואָרן פון די שברי־לוחות; אז אברהם האָט ניט געהאַט געזען שרה'ן ביז זיי זענען געקומען קיין מצרים; אז רבקה האָט חתונה געהאַט צו דריי יאָר; אז עשו האָט זיך שוין באַ די מאַמען אין בויך געריסן צו תיפלות; אז אברהם האָט צעבראָכן דעם טאַטע תרח'ס געצן; אז דער רשב"ם האָט שוין אַלס קינד חולק געווען אַף רש"י'ס

*) „אַרבעטער פריינד“, 2טן אויגוסט 1889.

תפלין; אז בלעם האָט ניט געקענט שילטן בלק'ן, ווייל ער איז ניט געווען אין בערדיטשעוו; אז יעקב אבינו האָט געהאַט קפיצת־הדרך; אז נטילת־ידים פּארהיט פון אָרימקייט; אז דורך תהלים־זאָגן קומט מען אריין אין גן־עדן; אז בוימער זינגען שירה; אז שלמה המלך האָט פארשטאַנען די שפּראַכן פון בהמות (פיר פיסיקע); אז יעקב אבינו האָט געוואוסט דעם קץ; אז משה רבינו איז געווען צען איילן הויך, אז ער האָט געהאַט צען נעמען און זיין שווער יתרו זיבן; אז דעם ספר־עוזיאל המלאך האָט גע־מאַכט אדם הראשון; אז דער דאָזיקער ספר איז אַ סגולה קעגן שרפות; אז דער שטן האָט זיך געטשעפּעט מיט ר' מאיר'ן; אז רבקה האָט געטראָגן וואסער אַ יאָר נאָכ'ן אנטוואוינט ווערן; אז קוגל עסן איז אַ געזונטע מצוה; אז פאַר יעקב'ס צייטן זענען מענטשן ניט קראַנק געווען; אז די ווערטער: „ולא קם נביא עוד בישראל כמשה" האָט ער אליין (וויינענדיק) געשריבן; אז דורך יוספ'ס שיינקייט האָבן זיך עגיפּטישע דאַמען צושניטן די הענט; אז אין די גרוב, אין וועלכע זיינע ברידער האָבן אים אריינגעוואָרפן זענען געווען שלאַנגען; אז מרדכי האָט פארשטאַנען זיבעציק לשונות; אז דער מלאך מיכאל נעמט זיך אָן פאַר אידן; אז פרומע פאָדריאַטשיקעס טראַכטן שבת ניט ארום געלט; אז די אבות האָבן מקיים געווען אלע תרי"ג מצות; אז פרעה'ס טאָכטער האָט געהאַט אַ לאַנגע האַנט; אז ער אליין האָט זיך געמאַכט פאַר אַ גאָט; אז אין מדבר זענען די אידישע קליידער ניט אַלט געוואָרן; אז דער מן האָט געהאַט אלע טעמים; אז שלמה איז אַף די עלטערע יאָרן ארומגעגאַנגען מיט אַ טאָרבע איבער דער וועלט; אז נבוכדנצר איז זיבן יאָר געווען אַ ווילדע בהמה און האָט געגעסן גראָז; אז עס זענען דאָ זיבן הימלען; אז גאָט פארשטייט ניט דעם באַטרוג פון קונה־שביתה זיין; אז די מלאכים וועלכע האָבן באַזוכט אברהם'ן האָבן זיך געמאַכט עסנדיק מצה; אז המן האָט געהאַט אַ גוטע קאָפּ; אז ער האָט געליבט אסתר המלכה; אז אַף זיינע קליידער זענען געווען אויסגעמאָלט געצ־עס, וואָס דערפאַר האָט זיך מרדכי פאַר אים ניט געוואָלט בוקן;

אַז נפתלי איז געווען אַ לאָפער; אַז יצחק פלעגט דאַווענען מנחה; אַז אין זיין טאַטעס הויז זענען געווען פיל טירן; אַז די דייטשן קומען אַרויס פון עמלק; אַז שדים האָבן מורא פאַר מזוזות; אַז דער אויסגעהאַקטער „ם" אין די לוחות האָט זיך געהאַלטן על פי נס; אַז שיר־השירים איז די הייליקסטע פון אַלע הייליקע לי־דער; אַז רבה בר־בר חנה'ס ציגן פלעגן ברייינגען בערן אַף די הערנער, אַז שמואל הנביא איז געווען אַ רעפּובליקאַנער; אַז אחשורוש האָט פאַרלאַנגט פון ושתי, זי זאָל קומען צום באַנקעט אין חוה'ס קאָסטיום; אַז די שכינה גייט אין טרויער נאָכן חורבן בית המקדש; אַז אפיקורסים וועלן אַף יענער וועלט עסן הייסע קוילן (גחלי רתמים); אַז די ענגלענדער שטאַמען אַרויס פון עשרת השבטים אַז... נו גענוג!

איך האָב אייך נאָר געוואָלט זאָגן, אַז אַזוי ווי דאָס אַלץ איז אמת, אַזוי איז אמת אַז איך בין מטורף. דאָס זאָגן מענטשן, וועלכע פאַרשטייען ניט, ווי אַזוי אַ פילאָזאָף קען ריידן אַרום וועלטלאַכע ענינים; ווי אַזוי אַן אַלטער מאַן קען האָבן אַ געפיל פאַר אַנדערע, ווי אַזוי אַ קלאָרער קען ריידן די וואַרהייט; ווי אַזוי אַ אידישער שרייבער קען שרייבן פאַר אָרימע לייט; ווי אַזוי — בקיצור, איך קען זיין איך. אַלזאָ, מטורף בין איך דער־ווייל נאָך ניט, אָבער ווען איך זאָל וועלן ווערן האָב איך איצט די פיינסטע געלעגנהייט דערצו. איך דאַרף נאָר... וואַרט אַ ווייל׳ינקע, מיר פאַלט איין אַ געדאַנק וואָס איך מוז פאַרצייכנען, אַ ניט וועל איך אים פאַרגעסן:

צווישן דעם רויבער און דעם גנב האָב איך מער אַכטונג פאַרן רויבער; צווישן דעם גנב און דעם בעטלער. האָב איך מער אַכטונג פאַרן גנב; צווישן דעם בעטלער און דעם אביון וואָס פאַרהונגערט, האָב איך מער אַכטונג פאַרן בעטלער. אָט איז מיין ערקלערונג דערפון: יעדער פון די ארבעה בנים זעט, אַז אַנדערע האָבן פיל און ער גאָרניט. דער אביון זאָגט: איך שווייג; דער בעטלער זאָגט: איך בעט; דער גנב זאָגט: איך כאַפּ; דער רויבער זאָגט: איך נעם.

צום רויבן איז נויטיק מער מוט, ווי צום גנב'ענען; צום גנב'ענען דארף מען האָבן מער מוט, ווי צום בעטלען; צום בעטלען מער ווי צום הונגערן. דערפאר איז דער רויבער מיט א קאָפּ העכער פארן גנב, דער גנב פארן בעטלער, דער בעטלער פארן אביון. דאָך וואָלט איך וועלן, אז די וועלט זאָל פּטור ווערן פון זיי אַלעמען...



## „דזשעק דער ריפּער". *)

מיט עטלאַכע וואָכן צוריק האָב איך געהאַט אַ קורצע אונטער־האַלטונג מיט מיין אייניקל. איך וועל אייך איבערגעבן אונזער געשפּרעך וואָרט פאַר וואָרט, אַזוי ווייט ווי איך געדיינק עס. דאָ איז עס:

ע ר: — זיידע, ווער איז דזשעק דער ריפּער? **)

א י ך: — אַ נאָמען מיין קינד, אַ נאָמען. ווען מענטשן זעען עפּעס, וועלכעס זיי ווייסן ניט, ווי אַזוי צו ערקלערן, טראַכטן זיי אויס דערפאַר אַ נאָמען און זענען צופרידן.

ע ר: — איך פאַרשטיי דיך ניט.

א י ך: — קען זיין. ווער פאַרשטייט מיך יאָ? מאַנכע קענען מיך פאַרשטיין און ווילן ניט, מאַנכע ווילן מיך פאַרשטיין און קענען ניט. די וואָס ווילן און קענען ניט, רופן מיך פילאָזאָף, אַ שטיינער, איך רייד פאַר זיי צו הויך; די, ווידער, וואָס קענען און ווילן מיך ניט פאַרשטיין, רופן מיך משוגע, וואָס דערמיט ווילן זיי זאָגן, אַז עס לוינט זיך ניט צו נעמען די מי. איך בין דערצו געוואוינט, — ווי די ערד צום רעגן, ווי אַ רייכער צו חניפה, ווי אַן אָרימאַן צום דלות, ווי אַ הונט צו אַ שטעקן, ווי...

---

*) „אַרבעטער פריינד", 16טן אויגוסט 1889.

**) אַרום יענער צייט זענען אין לאָנדאָן פאָרגעקומען עטלאַכע שרעקלאַכע מאָרדן קעגן אומגליקלאַכע פרויען; מ'האָט זיי געפונען מיט אויפגעשניטענע לייבער (אויף ענגליש הייסט דאָס „ריפּט אָפּ") און דעם מערדער האָט מען ניט געפונען. אַט־דעם אומבאַקאַנטן מערדער האָט דער עולם אַ נאָמען געגעבן „דזשעק דער ריפּער". — מ. וו.

ע ר: — געַנוג. דו צולאָזט זיך, זיידע־לעבן, ווייסטו ניט ווען אויפצוהערן. איך וויל דיך יאָ פארשטיין; מאַך, אז איך זאָל עס קאָנען. דערקלער מיר, וואָס דו האָסט געזאָגט וועגן דעם נאָמען.

א י ך: — גוט, הער־זשע צו מיט קאָפּ.

ע ר: — ווארט אַ מינוט, איך וועל זיך זעצן אפן „טשער־בעט“*) שוין. נו?

א י ך: — מענטשן, פארשטייסטו מיין קינד, זעען אַ גרויסע מדינה מיט מיליאָנען נפשות, וואָס איבער די מיליאָנען הערשט איין איינציקער מענטש. דאָס איז אין פלוג אַ וואונדער. ערשטנס, ווי אזוי קען דער איינער מאכן די מיליאָנען פאר ווילנלאָזע אונ־טערטאַנען; צווייטנס, ווי אזוי לאָזן זיי זיך מאכן פאר אזעלכע ברואים, און דולדן אַזאַ דעספּאָט איבער זיך? מערקווירדיק, וואָס־זשע טוט מען? רופט מען דעם מענטשן אויטאָקראַט און די מדינה, לאָמיך זאָגן, צארנלאַנד. און אזוי גיך ווי מען האָט די צוויי נעמען הערט מען זיך אויף צו וואונדערן און די מעשה איז פאר יעדרן קלאָר און גלאַט און מען איז צופרידן.

ע ר: — האַלב פארשטיי איך דיך, אָבער ווי קומט דאָס צו „דזשעק דעם ריפּפּער?“

א י ך: — האָב נאָר געדולד. הער ווייטער: מענטשן זעען, ווי איינער קומט און עפנט אויף אַ טאַבאַק געשעפט לעבן אַן אַנ־דער טאַבאַק־הענדלער; דערפון קומט אַרויס אַ גרויסע קאָנקור־דענץ, פון די קאָנקורענץ אַ קריג, פון די מחלוקה אַ געשלעג — אַ צובראָכענער ריפּ בא איינעם און אַ געשוואָלענע אויג באם אַנ־דערן. מענטשן זעען דאָס און זאָגן: באַרבאַרן, ווילדע, אומצי־וויליזירטע האַבונעס — זיך צעשלאָגן איבער קאָנקורענץ! דאָס זאָל פּאַסירן אין דעם ניינצענטן יאָר־הונדערט! שאַנדע, בנאמנות! — נון, זעען די זעלביקע מענטשן אַן אַנדער פאַל:

*) שטול־בעט, אַן אייזערנער ענגלישער שטול, פון וועלכן מ׳מאַכט באַנאַכט אַ בעט.

צוויי אייראָפּייאישע גרויסע מדינות גרינדן קאָלאָניעז אין אפריקע אום צו האנדלען מיט די אפריקאנער; זיי ווערן צו נאָנטע שכנים צווישן זיי ווערט א קאָנקורענץ, פון דער קאָנקורענץ א קריג, פון דער קריג א געשלעג, פון דעם געשלעג צען טויזנט מתים און קאַליקעס באַ איינעם און אכט טויזנט געהרג׳עטע און פארוואונדעטע באַם צווייטן, בסך־הכל אכצן טויזנט טויטע און ערגער ווי טויטע מיט צען טויזנט אלמנות און א שטיקלאך פערציק טויזנט יתומים. וואונדערט זיך ווער עס איז דאריבער? שרייט ווער עס איז: שאנדע פאר די ציוויליזאציאָן, פאר דעם נייצענטן יאָר־הונדערט? כמעט קיינער ניט. ווארום? ווייל זיי האָבן דערפאר א נאָמען — דער נאָמען איז „פּאליטיק“, און די מעשה איז איינפאך און פּראָסט.

ע ר: — גאנץ גוט. איך פארשטיי אפילו ניט אלץ, וואָס דו זאָגסט, נאָר איך רעכן, אז דו מוזט זיין גערעכט. אָבער וואָס מכוח דזשעק?

א י ך: — איך קום צו אים. מענטשן זעען באַ א פּאָטער פיר זין. זיי זעען אז דער מאן האָט א שטיקל לאנד פון וועלכע ער מאכט א לעבן, איין יאָר מער, אן אנדער יאָר ווייניקער, אָבער א לעבן מאכט ער. גוט. נאָר אָבער, זעען די מענטשן, אז פון די פיר זין באארבעטן די שטיקל לאנד נאָר צוויי, בעת פון די אנדערע צוויי טוט דער עלטערער גאָרניט און דער אנדערער פירט די תבואה אין שטאָט צום פארקויפן. דו וואָלסט דאָך געווים מיינען, מיין ליבער אייניקל, אז דער גאָרנישט־טוער קריגט גאָרנישט, דער פארקויפער, וועלכער ארבעט ניט אזוי שווער, ווי די אנדערע צוויי, קריגט אפילו יאָ א חלק, אָבער ניט אזוי פיל ווי זיי, בעת זיי ביידע קריגן די בעסטע חלקים. דאָס איז אָבער אקוראט פארקערט, און מענטשן זעען, אז דער גאָרנישט־טוער, ווייל ער מאכט זיך בלומרשט פאר א בעל־הבית, קריגט דעם פעטסטן חלק, דער צווייטער, דער הענדלער, אויך א פעטן חלק און דאָס ביסל, וואָס בלייבט איבריק (ווען עס בלייבט איבריק) ווארפט מען צו די אינגערע צוויי זין, הגם אָן זייערע שווערע ארבעט וואָלט דער

עלטסטער ניט האָבן איבער וואָס צו זיין בעל הבית און דער אַנ־
דערער — מיט וואָס צו האַנדלען. ווען מענטשן זעען אַזאַ פּירונג
בּאַ אַ ישובניק, האַלטן זיי דאָס פאַר אַ שרעקלאַכע אומגערעכטי־
קייט. סטייטש? זאָגן זיי, דער ישובניק איז קיין פּאָטער ניט,
ער מוז קיין הארץ ניט האָבן צוצולאָזן אַזאַ פאַראָנדיק! סטייטש?
דער פּויער און דער שווינדלער זאָלן האָבן מער ווי די ארבעטס־
לייט? מער ווי זיי? שאַנדע, בנאמנות! — ווען אָבער די זעל־
ביקע מענטשן זעען נענוי דעם זעלביקן פירונג אין דער גאַנצער
וועלט, ווען זיי זעען, אַז אומעטום האָט דעם פעטסטן חלק פון די
„משמני הארץ"*) דער פּריץ, וואָס איז אַ גאָרנישט־טוער, דאַן דעם
צווייטן חלק דער קויפמאַן און דער פאַבריקאַנט, בעת די ביינער
פון די פלייש וואַרפט מען צו די ארבעטער, וואָס אָן זיי וואָלט
דער „לאָרד" ניט געהאַט איבער וואָס צו לאָרדעווען, דער קויפמאַן
— מיט וואָס צו שאַכערן, און דער פאַבריקאַנט — וואָס צו (לאָזן)
פאַבריצירן, — ווען די זעלביקע מענטשן, זאָג איך, זעען דאָס,
שרייען זיי גאָרניט: סטייטש! זיי וואונדערן זיך גאָרניט. וואָ־
רום? ווייל זיי האָבן פאַר דעם מין פירונג ערפונדן אַ נאָמען.
זיי רופן דאָס „וועלט־אָרדנונג" און האָבנדיק דערפאַר אַ נאָמען
זענען זיי צופרידן — היינט, מיין קינד, קום איך צו „דזשעק דעם
ריפּפּער..." וואָס שווייגסטו?

---

איך האָב מיך אומגעקערט צו מיין אייניקל, ער האָט געבראָ־
פּעט ווי אַ שכור'ער סאָלדאַט. מיין פילאָזאָפיע האָט אים איינגע־
שלעפערט. אייך אויך, ליבע לעזער? אויב יאָ — שלאָפט גע־
זונטערהייט. האַלב האָב איך הנאה געהאַט דערפון, וואָרום אים
אַלעם צו דערקלערן וועגן „דזשעק דעם ריפּפּער" וואָלט אפשר
ניט געלוינט.

---

*) פעטקייטן פון דער ערד.

## אַ, ווי ווערט מען אַ דיכטער! *)

אַ, ווי ווערט מען אַ דיכטער!

קענט איר מיר ניט ערקלערן, ליבע לעזער, ווי אַזוי דאָס קומט אַז איך קאָן בשום אופן ניט אויפשרייבן אַ געדיכט? אָפּלעבן דריי־און־זעכציק יאָר און ניט צוזאַמען־פּאַרטאָלענען כאָטש אַ קליין געדיכטעלע איז איינפאַך מיאוס פאַר זיך אַליין! און איר מוזט וויסן, אַז גראַמען וואָלטן מיר ניט פעלן. איך וואָלט, למשל, קענען צוזאַמענפּאָרן „יונגע הערצען" מיט „ליבעס־שמערצען"; „דאַמען־קליידער" מיט „טייער־ליידער!"; „יונגע פרויען" מיט „זאָלט ניט טרויען"; „געלט" מיט „פעלט"; „פּאָרטעפּיאַנעס" מיט „באַראַבאַנעס"; „זילבער און גאָלד" מיט „האָט ער האָלט"; „תכשיטין און צירונג" מיט „דעם אידישן פירונג"; דונער און בליץ" מיט „קללות און וויץ"; „היפּאָקריטן" מיט „פּאַראַזיטן"; „דרשנים" מיט „בטלנים"; „העברייאישע שרייבערס" מיט „נדבה־קלייבערס"; „וויטשעפּל" מיט „קוגל טעפּל"; „דעם פערד דעם איינגעשפּאַנטן" מיט „ארבעטער באַ פאַבריקאַנטן"; „וואָטש ענד - טשיין"**) מיט פעט־קאוט־ליין***), „פּאַלעסטינצעס" מיט „קאַלטע בלינצעס"; „פּאָליטיקער ליבעראַלע" מיט „איך צו ערשט, נאָכדעם אַלע"; „צייטונג־שרייבער" מיט „רכילות־טריי־בער"; „דעם צאַרישן קנוט" מיט מענטשלאַכע בלוט"; „אַ קרוין פון אַ מאָנאַרך" מיט „אַ קאָפּ, וואָס האָט אַ פּ...ך"; נאַרישער

---

*) „ארבעטער פריינד", 30טן אויגוסט 1889.

**) זייגער און קייט.

***) דער הויפּט־מאַרק אין אידישן קוואַרטאַל.

שטאָלץ"; מיט „אַ קאָפּ, פון האָלץ"; „בלבולים" מיט „זלזולים"; „שפּיאָנען" מיט „סקאָרפּיאָנען"; „אוים־סאָציאַליסט" מיט „איין ענגאַאיסט"; „באַנקיר" מיט „וואַמפּיר"; „גרויסע דאַמע" מיט „ניט הייסע מאַמע"; „אַ מענטש, וואָס איז גרין" מיט „ניט אהער און ניט אהין"; דעם „אבערגלויבן" מיט „אַ מיטל צו רוי־בען"; „סאָלדאַטן" מיט „מאָרד־טאַטן"; „פּאַרלאַמענטאַריש"; מיט „העפלאַך און נאַריש"; „פּאָליטיק" מיט „האַלט אין צוויק"; „אונאַייניקע סאָציאַליסטן" מיט „צופרידענע קאַפּיטאַליסטן"; „די רייד פון אַן אַדוואָקאַט" מיט „אַ צונג אויף פּראָקאַט"; „די ימים־נוראים" מיט „אַ בייטש פאַר נאַראָנים"; „האָבן געלט אויף פּראָ־צענט" מיט „די פרוכט פון אַרבעטער־הענט"; „פירן פאַרן נאָז" מיט „די וואָס עסן גראָז"; „אויסהאַלטן אַ קייזער" מיט „גיין איבער די הייזער"; „פון דרויסן פוץ" מיט „אינעווייניק שמוץ" א. אַז. וו.... א. אַז. וו.

איך ווייז אייך מער ניט, אַז ווענן גראַמען וואָלט באַ מיר קיין אָפּהאַלט ניט געדאַרפט זיין. לאָזט מיך נאָר דריי שעה פריי פון דאגות, פון שברי־לב, פון מיין אייניקל׳ס קשיות און פון וועלן עסן, מאַך איך אייך גראַמען, וואָס וואָלטן זיין גענוג פאַר פינף בענדער געדיכטן, און דאַך לאָמיך צוזאַמענשטעלן פיר שורות, אום צו מאַכן דאָס מינדסטע לידעלע, בלייב איך שטיין גלייך אין אָנהויב, ווי אַ האָן אין בני־אדם. אָט נעמט, למשל, אַזאַ פּאָר שיינע גראַמען, ווי „דאַמען־קליידער" און „טייער־לײדער!" לאָמיך פון זיי וואָס מאַכן... גוט, איך פּרוביר, איך הויב אָן... איך זאָג:

„אָה, איר פּרויענצירונג, דאַמען־קליידער!
„איר מאַכט שיין אַ העסלאַכעס געזיכט,
„אָבער... אָבער איר זייט טייער, לײדער!
„און..."

און דאָ בלייב איך אין מיטן: איך ווייס ניט, וואָס ווייטער צו זאָגן, און ווען איך זאָל, למשל, שוין יאָ וויסן וואָס, ווייס איך ניט ווי, ווייל געזיכט איז אַ דייטשער וואָרט, און איך וואָלט נאָר קאָנען ענדיקן: —

„און איר טויגט ניט צו קיין שום געדיכט".

אָבער וואָס האָט דאָס פאַר אַ טעם? אמת, די מערסטע פון אידישע דיכטער דאגה'ן ניט פיל וועגן דעם זין פון זייערע שירים, אָבער איך האָב פון קינד־ווייז־אויף פיינט געהאַט נאָכצו־טאַנצן אַנדערע.

נעמט, ווידער, די ווערטער „זילבער און גאָלד", וואָס איך קאָן מזווג זיין מיט „האָט ער האָלד". אַזאַ פּאָר גראַמען וואַלגערן זיך אויך ניט אַרום אַפ'ן גאַס, און שעקספּיר אַליין וואָלט זיך מיט זיי ניט געדאַרפט שעמען. וואָס מאַך איך אָבער מיט זיי? איך קאָן, למשל, זאָגן:

„מאַנכע מענטשן האָבן האָלד
„קאָסטבאַרקייטן, זילבער, גאָלד,
„אָבער זיי האָב איך ניט האָלד".

נו? וואָס ווייטער? וואָס טויג אַ געדיכט פון דריי שורות? ווען איך זאָל נעמען שרייבן אַזעלכע קורצע שירים, וועל איך מוזן אַראָפּברייינגען פונ'ם מינסקער קאַזיאָנעם רב מיין מעטריקע, אום צו באַווייזן, אַז איך בין אַ איד, אַ־ניט וועט מיר קיינער דאָס ניט גלויבן; אפילו מיין הייקערדיקער נאָז וועט מיר ניט העלפן. האָט דען שוין ווער עס איז געזען אַ אידישן דיכטער, וואָס זאָל שרייבן אַזוי קורץ? דאָס קאָן אפילו אַ געטויפטער איד ניט, אַ פשיטא שוין אַ כשר'ער אומבאַנעצטער, אַלטער איד, ווי איך... האַלט! אַ רייד ברייינגט אויף אַ רייד. מען זאָגט, אַז די קאַנדידאַטן אויף שמד אין דער מיסיאָן ווילן מאַכן אַ סטרייק, ווייל זיי האָבן זיך אַרומגעזען, אַז די מיסיאָנערן זענען סוועטערס און נעמען די פלייש פאַר זיך, בעת די שמד־קאַנדידאַטן קריגן די הוילע ביינער. ווער ווייס, צי דאָס איז אמת?

זינט איך געדיינק האָט נאָר איין איד געמאַכט אַ קליינעם שיר און דאָס אויף דייטש. דער דיכטער איז געווען אַ מינסקער און דער שיר אַ בערלינער און זייער גוט. צום אומגליק האָט היינריך היינע שוין געהאַט באַנוצט די זעלביקע ווערטער (וואָרט פאַר וואָרט) פאַר די זעלביקע געדאַנקען. איך געדיינק נאָך, ווי

היינט, אז איך האָב דעם מאַן געראַטן ניט צו לאָזן דרוקן דאָס געדיכט, אום ניט מבייש צו זיין דעם לומפּ היינע, וואָס האָט געהאַט די חוצפּה צו גנב'ענען מיין פריינט'ס געדאַנקען צוזאַמען מיט די ווערטער, — זיינע קינדער און זיינע העמדעלאַך, ווי זיין ווייב האָט זיך דעמאָלס אויסגעדריקט.

צוריק מיט עטלאַכע וואָכן האָב איך געלעזן אין אַ צייטונג אַ לאַנגען אַרטיקל וועגן ענגלישער פרייהייט און וועגן דעם דלות פון ענגלישע אַרבעטער. האַלט, טראַכט איך, אָט איז אַ געלעגנ־הייט צו מאַכן אַ געדיכט. איך האָב אָנגעהויבן אַזוי (דאָס זאָגט, פאַרשטייט איר, דער אַרבעטער):

„איר האָט מיר געגעבן
„די פרייהייט צו שטערבן;
„די פרייהייט צו לעבן
„וועל איך מיר ערווערבן".

דאַכט זיך, דאַרף מען בעסער? איך האָב גענומען שרייבן ווייטער, איך האָב געשריבן און געמעקט און געמעקט און גע־שריבן, אָבער עס איז דערפון גאָר נישט אַרויסגעקומען... פאַר כעס האָב איך צוריסן דאָס שטיקל פּאַפּיר און האָב אויסגעטאָן די ספּאַקולן און בין אַרויסגעגאַנגען אין גאַס. אין גאַס האָב איך מיך פאַרקילט און בין געקומען הוסטנדיק און הונגעריק אַהיים. „איך מוז פּאָרט פּרובירן וואָס אויפשרייבן!" האָב איך געטראַכט. איך האָב מיך אוועקגעזעצט און האָב אַזוי אָנגעהויבן:

„מיין מאָגן איז ליידיק, מיין קעשענע פּוסט,
„מיין קאָפּ איז אָנגעפילט מיט זאָרגן;
„מיין קערפּער איז שוואַך און קראַנק איז מיין ברוסט —
„איך לייג מיך שלאָפן באַנאַכט מיט אַ הוסט,
„און שטיי אויף הוסטנדיק אַף מאָרגן".

און דערביי בין איך געבליבן ביז היינטיקן טאָג.
אַ, ווי ווערט מען אַ דיכטער!

## נאָך אַמאָל: ווי ווערט מען אַ דיכטער! *)

באַ מיר איז אייביק געווען אַ ספק וועגן גאָט'ס קומען צו שלמה־המלך און זיין פרעגן אים, וואָס ער וויל. מען זאָל ניט זינדיקן מיט די רייד — אָבער די מעשה קומט מיר פאָר עפּעס צו האַמעטנע: עס ווילט זיך גלייבן און עס גלויבט זיך ניט. נאָר אַזוי פיל מעג איך אייך זאָגן: לאָז היינטיקן טאָג צו מיר קומען גאָט און מיך פרעגן, וואָס איך וויל, וואָלט איך באַ אים נאָר געבעטן, אַז ער זאָל מיך מאַכן פאַר אַ פּאָעט. שלמה האָט געוואָלט זיין אַ חכם, אַ פילאָזאָף, ווייל אַ דיכטער איז ער פון־קינדוווייז־אויף געווען; גאָט האָט ערפילט זיין וואונטש און האָט אים געמאַכט פאַר אַ פילאָזאָף: דער דיכטער פון שיר־השירים איז געוואָרן דער מחבר פון קהלת. באַ מיר איז די מעשה פאַרקערט: איך בין אַ פילאָזאָף געווען פון קינד־ווייז־אויף (והראיה, איך האָב שוין צו דרייצען יאָר פּרובירט ניט דאַוונען!) און מיר וואָלט זיך וועלן ווערן פון אַ פילאָזאָף אַ פּאָעט. איך וואָלט זיך פאַר'ן רבונו של עולם גאָר ניט געשעמט און וואָלט אים געזאָגט: פאָטער, באַרמהאַרציקער, קלוג בין איך גענוג, מאַך אַז איך זאָל קאָנען זינגען; פילאָזאָפיע האָב איך, גיב מיר פּאָעזיע!

און ווען ער וואָלט דערפילט מיין וואונש, ווי מען זאָגט, אַז ער האָט דערפילט שלמה'ס בקשה, דאַן... אָ, דאַן וואָלט איך מיט מיינע לידער געטרייסט די צעבראָכענע הערצער און וואָלט געשטאַרקט די אויסגעמאַטערטע הענט; מיין שטימע וואָלט אויפגעהויבן די געפאַלענע און וואָלט גלייך געמאַכט די געבויגענע; איך וואָלט דערפרייט די פאַרצאָגטע און וואָלט באַלויכטן די פאַרשווארצטע; איך וואָלט פאַרזיסט דאָס לעבן פון די פאַרביטערטע

*) „אַרבעטער פריינד", 6טן סעפּטעמבער 1889.

און וואָלט אויפגעמונטערט די מוטלאָזע!

איך וואָלט מיט מיינע לידער די אונטערדריקטע איינגעגעבן מוט און די פאַרשמאַכטע לעבנסלוסט; איך וואָלט די עלענדע באַפריינט און די פאַרלאָזענע געשיצט; איך וואָלט געטרייסט אַלמנות און וואָלט יתומים געשטעלט אויף די פיס; איך וואָלט מיין ליד געמאַכט פאַר אַ יובל־שאַל און מיין פעדער פאַר אַ מעכטיקן דעגן און וואָלט מיט מיין געזאַנג איינגעבראָכן די פעסטונגען פון דער טיראַניי, ווי אונזערע עלטערן האָבן מיט זייערע שופרות געשטירצט די מויערן פון יריחו — אויב דאָס איז אמת.

די גריכישע לעגענדע דערציילט, אַז דער טראַגישער זינגער אָרפעאוס האָט געהאַט אַזאַ גוואַלטיקן כוח אין מוזיק, אַז ער פלעגט צאַם־מאַכן ווילדע חיות און פלעגט איינגעמען לייבן און טיגערן מיט זיין זיסן געזאַנג. די לעגענדע איז וואַרשיינלאַך מגזם, אפשר איז זי גאָר אַ ליגנערקע, אָבער אַזאַ זינגער צו זיין מוז זיין הימליש! איך וואָלט זיך באַנוגענען מיט ווייניקער, איך וואָלט צופרידן געווען מיט אַ קלענערער מאַכט אין דער פּאָעזיע און וואָלט אויך אויפגעטאָן וואונדערבאַרע טאַטן.

איך וואָלט געזונגען פאַר די, וואָס זענען געשמידט אין געלט־קייטן און פון די קייטן וואָלט געוואָרן שפּינוועבס, ווי פון די שטריק אויף שמשון הגבור; איך וואָלט דערהויבן מיין קול פאַר די פאַרקויפטע און פאַרדונגענע, די אויסגעהאָרעוועטע און אויסגעמוטשעטע און זיי וואָלטן געוואָרן פריי, מונטער און שטאַרק; איך וואָלט זיי אַלעמען איינגעגעבן מיט מיין געזאַנג מוט און האָפנונג אויף׳ן זיג. איך וואָלט זיי ניט איינגעלולעט צום שלאָפן, ווי אַנדערע דיכטער טוען, — איך וואָלט זיי מיט מיינע לידער אויפגעמונטערט צום באַפרייאונגס־שטרייט.

אָ, ווי ווערט מען אַ דיכטער! באַטראַכט נאָר היינט, באַטראַכט וואָס עס טוט זיך אין לאָנדאָן. ענגלישע און אידישע אַרבעטער — פאַרדומטע, פאַרקרומטע, פאַרשטומטע אַרבעטס־לייט עפענען די מיילער, גלייכן זיך אויס און קומען צום שכל. ברענמאַטעריאַל אָן אַ שיעור און אָן אַן ערך. וואָס פעלט? אַ פונק.

איין איינציקער קליינער פונק קאָן אָנצינדען הונדערט טויזנט הערצער, וועלכע זענען ווארעם, אָבער נאָך ניט הייס גענוג. ווער זאָל דעם פונק ברייגגען? קיין פראָזאאישער מענטש! דאָ פעלט אַ באַגייסטערטער דיכטער, וועלכער זאָל קאָנען באַגייסטערן.

ווי ווער איך ע ר? זאָגט מיר, גוטע, קלוגע, ליבע לעזער: ווי ווער איך ע ר? נאָר אויף איינע פיר־און־צוואַנציק שטונדן וואָלט איך וועלן אַזא דיכטער זיין, דעם פונק ברייגגען, דאָס הייליקע פייער אָנצינדען, און דאַן, ווען נויטיק, אין דעם פייער אַליין פארברענט ווערן.

שיין לעבן קאָן יעדער לומפּ; באַניידנסווערט איז — שיין צו שטאַרבן. ווער עס מאַכט אַ מארסעליעזע און שטאַרבט ווי רוזש־דע־ליל, שטאַרבט שענער, ווי אַ דזשיי גולד, וועלכער „מאַכט" מיליאָנען דאָלארס און לעבט. און דאַן... ווארט אַ ווייליגקע, איך וועל איך דערציילן אַ מעשה:

היינט פאר־נאַכט בין איך געקומען פון גאַס זייער דורשטיק אין מיד. „וואָס טרינקט מען?" זאָג איך צו מיין איינילן. „לאָמיר מאַכן טיי", זאָגט ער, און גייט און ברייגגט מיר די ספּירט־מאַשינקע און דאָס קעסטעלע מיט די שוועבעלאַך. איך האָב צוגעשטעלט וואַסער אָנוואַרעמען און האָב געווארט מיט דער גרעסטער אומגעדולד, אַז עס זאָל אָנהויבן צו קאָכן... דאָס באַווייזט, לאָמיך פארבייגייענדיק באַמערקן, אַז בּאַ הונגער אָדער דורשט פארלירט אפילו אַ פילאָזאָף די געדולד... בקיצור, איך האָב געווארט זייער אומגעדולדיק. עס זענען פארגאַנגען פינף מינוט.

„וואָס הערט זיך מיט די וואַסער?"

„עס איז שוין ווארעם", זאָגט מיין איינילן.

„ווארעם? ווארעם איז ניט גענוג".

איך האָב געווארט: קיינמאָל איז מיר די צייט ניט אַזוי לאַנג געווען ווי איצט. נאָך פיר־פינף מינוט זענען פארגאַנגען.

„וואָס איצט?"

„עס איז שוין הייס", זאָגט מיין איינילן.

„הייס? הייס איז ניט גענוג".

איך האָב געוואַרט. אַ פּאָר מינוטן שפּעטער האָב איך פּאָר אומ־געדולד אַריינגענומען אַן אָוונט־בלאַט אין דער האַנט און האָב גע־נומען לייענען די לעצטע נאַכריכטן וועגן דעם גרויסן סטרייק.

„זיידע, די וואַסער הוזשעט שוין", זאָגט מיין אייניקל.

„הוזשעט? הוזשענען איז ניט גענוג, עס מוז קאָכן. זעסטו, מיין קינד, וואָס דאָ טוט זיך אין לאָנדאָן היינט? "

„וואָס באַ די דאָק סטרייקערס? " פרעגט ער.

„יאָ" — זאָג איך — באַ די אַרבעטער. די באַוועגונג איז, ווי אונזער קעסעלע וואַסער, אין אָנהויב גאָר קאַלט געווען, נאָכהער וואַרעם געוואָרן, דאַן הייס, איצטער הוזשעט עס... אָבער עס קאָכט נאָך אַלץ ניט".

„עס הוזשעט, אָבער עס קאָכט ניט", האָט דער קליינער ווידערהאָלט פאַרטראַכטערהייד. ער האָט ניט פאַרשטאַנען, וואָס איך מיין. פאַרשטייט איר?



## דער רעגן און מיינע שטיוול *)

ווען איך זאָל היינטיקן טאָג ווערן א לוח־מאַכער, וואָלט מיר איין זאַך אָנקומען גאַנץ לייכט. איך וואָלט, נעמלאך, קענען גאַנץ ריכטיק אויסרעכענען, אין וועלכן חודש פון יאָר עס וועט זייער שטאַרק רעגענען. איך דאַרף דערצו ניט זיין קיין שטערנזעער, קיין גרויסער בעל־חשבון און קיין וויל־נער — ווי אַלע אנדערע לוח־מאַכערס זענען. איך דאַרף ניט קוקן ארויף (ווי זיי אַפּן הימל), איך דאַרף נאָר באַטראַכטן מיינע שטיוול. איר וואונדערט זיך ? דאָס איז זייער איינפאַך, ליבע לעזער. למשל: אַט לאָז איך היינט פאַררינכטן מיינע שטיוול (נייע קויף איך זעלטן, זעלטן ווען, מחמת איך האַלט, ווי דער מאן־דאמר, וואָס זאָגט: „סטאַרי דרוג לוטשע נאָוויך דוואוך"**)

און איצט טו איך אַזוי: איך זאָג היינט איז אלול, א פּאָר פאַרלאַטעטע שטיוול דאַרפן האַלטן גאַנץ ביז שבט. אין שבט וועלן זיי עפענען די מיילער און ביז אָדר וועל איך ניט האָבן קיין געלט זיי צו לאָזן פאַרריכטן, דערפאַר מוז דעם גאַנצן חודש שבט רעגענען. דער רעגן, פאַרשטייט איר, וואַרט געוואוינלאך אָפּ, ביז מיינע שטיוול ווערן צעריסן, און לאָזט זיך דאַן אריין אַף א חודש, ביז איך האָב נייע פּאַדעשוועס.

וואָס האָב איך געוואָלט אַרויסברענגען דערמיט ? ליבע לעזער, מיר דאַכט זיך, אַז איך רעד נאַרעשקייטן... יאָ, איך רעד גאַנץ געווים נאַרעשקייטן... וואָס זאָגט איר ? ניין ? דאַנק אייך פאַר אייער גוטע מיינונג, אָבער איך וויים בעסער פאַר

*) „אַרבעטער פריינד", 20טן סעפּטעמבער 1889.
**) איין אַלטער פריינט איז בעסער ווי צוויי נייע.

אייך און איך זאָג אייך : איך רעד נאַרעשקייטן. „אויב אזוי" — זאָגט איר — „וואָלט דאָך זיין גלייכער צו צערייסן די שטיקל פּאַפּיר און אַ סוף". איר זענט אפילו גערעכט, אָבער איר פאַרגעסט, אַז די דרוקערס און די זעצערס האָבן מאַגנס און דאַרפן עסן, און ווען יעדער שרייבער זאָל לאָזן דרוקן נאָר מער, ווי חכמות, וואָלטן די אָרעמע זעצערס שוין לאַנג געדאַרפט לייגן די ציינער אַפן פּאָליצע. אָבער ניט דאָס אַליין האַלט מיך אָפּ פון צערייסן די שטיקל פּאַפּיר. איך האָב דערצו נאָך צוויי טעמים. ערשטנס, ווייל איך וויל, אַז עס זאָל וויניקסטנס עטוואָס פון מיין שרייבעריי ניט פאַרגעסן ווערן און „אַ נאַרעשקייט געדענקט זיך", ווי דער בעל־דבר האָט זיך פאַרענטפערט, ווען מען האָט אים געכאַפּט זאָגנדיק אויסווייניק דעם גרויסן און דעם קליינעם יקום־פּורקן, צוואַנציק יאָר נאָך זיין לעצטן מאָל דאַווענען. צווייטנס, דאַרף אַ פילאָזאָף קענען מאַכן אַ שטיקל חכמה אפילו פון אַ נאַרעשקייט. וואַרט, ליבע לעזער, אַ פּאָר מינוט, וועט באַלד דערפון וואָס ווערן...

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

שטיוול, רעגן, פּאַדעשוועס, שבט... שבט, פּאַדעשוועס, רעגן, שטיוול... עס גייט ניט... שטיל, מען קלאַפּט. אהא! מיין אייניקל! אַן אומגליק אַביסל! איך האָב שוין געהאַלטן גאָר אַף אַ דרך, קומט ער און צעשלאָגט מיר די רעיונות. זיי רואיק... שטיוול, רעגן... רעגן, שטיוול...

„זיידע, לאָז טאַקע פאַרריכטן דיינע שטיוול, וואָרום עס רעגנט, און דו וועסט זיך געווים פאַרקילן".

„ארום דעם טראַכט איך טאַקע; זאָג מיר, אפשר פאַרשטייסטו, ווי אַזוי דאָס קומט, אַז עס הויבט רק אָן צו רעגענען אַף גאַנצע וואָכן נאָכאַנאַנד, אַזוי גיך, ווי מיינע שטיוול ווערן צעריסן".

„אַ טעות, זיידע ! דיינע שטיוול זענען כמעט אַלע מאָל צעריסן, נאָר איך רעכן, אַז דו מערקסט דאָס נאָר, ווען עס הויבט אָן שטאַרק צו רעגענען".

*
**

איצט דערמאָן איך זיך ! דאָס האָב איך טאַקע געוואָלט אויסברענגען... געזונד זאָל זיין מיין אייניקל, ער האָט מיר די אויגן געעפנט. ריכטיק! און באַטראַכטנדיק, וואָס מיר פּאַסירט מיט מיינע שטיוול קענט איר פאַרשטיין אַ גרויסן טייל וועלט־געשיכטע. אַלע רעוואָלוציעס קומען דורך דעם, וואָס דער רעגן מאַכט די מענטשן אויפמערקזאַם אַף זייערע צעריסענע שטיוול; וואָס אַ צופעליקע עקסטראַ־צרה פּאַרגרעסערט די אומדערטרעג־לאַכקייט פון די געוואוינלאַכע ליידן.

אַזוי ווי איך בין צוגעוואוינט צו צעריסענע שטיוול, אַזוי זענען מיליאָנען מענטשן, וועלכע האָרעווען און פּראַצעווען און פינצטערן און חושך'ען, צוגעוואוינט צו זייערע ליידן און זייער מאַנגל. מיט אַמאָל קומט צו אַן אומגעוויינטלאַכער קלאַפּ, אַ נייע גזרה, אַ מלחמה, אַ קראַנקהייט און דאַן זעען זיך אָט־די מיליאָנען מענטשן אַרום, אַז זיי איז אימער געווען שלעכט און ביטער און פינצטער, און זיי דערלאַנגען זיך אַ הויב, געראַדע ווי איך נעם טראַכטן אַרום פאַרלאַטענען די שטיוול, ווען עס נעמט שטאַרק רעגענען.

יאָ, זיי דערלאַנגען זיך אַ ריר. צייטנווייז אַ הויב, אָבער, צום אומגליק, טוען זיי ווי איך; זיי טראַכטן ניט אַרום נייע, גאָר נייע — זיי טראַכטן אַרום לאַטעס. און מען לאַטעט נאָכאַנאַנד די אויסגעטראָטענע, אויסגעפּוילטע, אויסגעדרייטע מענטשלאַכע געזעלשאַפט. אַ קאָנסטיטוציאָנעלע לאַטע פון זייט, אַ רעפּובליקאַנישן קנאַפּל, אַ פּאַדאָשווע פון אַלגעמיינע שטימרעכט... מען לאַטעט, מען פאַרלאַטעט און עס האַלט זיך בלומרשט אַ טאָג־צוויי. און דאַן זעט זיך דאָס פאָלק אַרום, אַז עס איז ניט בעסער, ווי פריער, און שלאָפט איין, ווי געוויינטלאַך, שלאָפט אָן אַן אויפהער, ביז אַ נייער שטורם קומט... און ווען ער קומט, גיט זיך דער אָר־בעטער ווידער אַ הויב און דאָס זעלבע ווידערהאָלט זיך נאָך אַמאָל.

מען לאַטעט פון דאָס־ניי—מיט איין וואָרט, מען לאַטעט און

מען פאַרשטייט ניט, אַז פריער אָדער שפּעטער וועט מוזן ווערן אַ סוף...

פאַרשטייט מען דאָס ווירקלאַך ניט? ווי ווער: מאַנכע פאַרשטייען און מאַכן זיך ניט פאַרשטייענדיק, ווייל דאָס פּאַסט ניט צו זייער רומל; אַנדערע ווידער פאַרשטייען דאָס ניט, אָבער זיי פילן דאָס. אַלע שווייגן.

עס איז צום משוגע ווערן.



## זייגערל פילאָזאָפיע *).

מיין זייגערל שטייט. ער האָט זיך נעכטן באַנאַכט אָפּגע־שטעלט און, ווי עס ווייזט אויס, איז די שפּרינג־פּעדער פּאַר־דאַרבן. פאַר׳ן שלאָף האָב איך אים געוואָלט אָנציען און האָב ניט געקאָנט. אָ, ליבער לעזער! לייט מיר ווער־עס איז אַ האַלבע קרוין ניט אַ העלפט פון אַ קעניגלאַכער קרוין, דאָס האָט איר אַליין ניט, כאָטש איר זענט בני־מלכים, און אפילו ווען איר וואָלט געהאַט, וואָלט איך אויך ניט גענומען — מחמת... איך וואָלט ניט געגעבן? ארום דעם טראַכט איך ניט, ווייל קרוינען האַלטן באַם אויסגיין פון דער מאָדע און — ווער ווייס? אפשר וועט אין עטלאַכע יאָרן ארום ניט זיין זייער זיכער צו טראָגן אַזאַ תכשיט אַפן קאָפּ... אַלזאָ, ניט אַ העלפט פון אַ קעניגלאַכער קרוין בעט איך באַ אייך, איך בעט נאָר אַ האַלבע קרוין**), וואָס באַטרעפט אינגאַנצן דרייסיק פענעס, וואָס דאָס וואָלט מיר איצט צונויץ געקומען צו לאָזן פאַרריכטן מיין זייגערל, מיין ליבן זייגערל, וואָס איך האָב אַ ירושה פון אַ זיידן און וואָס האָט מיך באַקאַנט גע־מאַכט מיט אַזעלכע „פעטערס“, פון וועלכע אונזער גאַנצע משפחה האָט קיינמאָל ניט געוואוסט.

הגם ער שטייט, האָב איך אים דאָך אויפגעהאַנגען באַם צוקאָפּנס אַפ׳ן וואַנט, און זיך לייגנדיק אין בעט, האָב איך אים מיט ליבע אין האַרצן און (כמעט) מיט טרערן אין די אויגן אָנ־געקוקט, אַ שטייגער ווי אַ מלוה באַטראַכט אַ בעל־חוב׳ס אַ וועקסל, ווען דער בעל־חוב האָט באַנקראָטירט: ער ווייס גאַנץ גוט, אַז

*) „אַרבעטער פריינד“, 4טן אָקטאָבער 1889.
**) אַן ענגלישע מטבע.

דאָס, וואָס איז נעכטן געווען אַ גרויסע סומע געלט, איז היינט ניט מער, ווי אַ שטיקל פּאַפּיר, אָבער ער ליבט דעם וועקסל דאָך און היט אים ווי פריער און קוקט אים מיט ליבע אָן און... נאָר לאָמיך ניט פאַרקריכן אין צו־ווייטע דרכים, יאָ, איך האָב מיין זייגערל אויפגעהאַנגען אַפ'ן וואַנט, הגם ער איז איצט אַ שברי־כלי, און איין גאָט אין הימל ווייס, אַז איך האָב ניט די האַלבע קרוין אים צו לאָזן פאַרריכטן.

קוקנדיק אַף אים, האָט איך געטראַכט:

ליבער, טייערער (טייער באַ מיר, די „פּעטערס" האָבן אַלע מאָל געהאַט פון אים אַן אַנדער מיינונג — ימח שמם!), טייערער, אַלטער זייגערל! נאָר וואָס האָט ער געלעבט; דער דופּק האָט געקלאַפּט, די רעדלאַך האָבן זיך געדרייט, די ווייזערס זענען גע־גאַנגען, די צייט האָט געוואוסט, וואו זי איז אין דער וועלט, — מיט אַמאָל הערט אויף די ספּראַנדזשינע צו ווירקן און פון דער גאַנ־צער מאַכינאַציע ווערט אַ תל עולם. די ספּראַנדזשינע, אַ, די ספּראַנדזשינע! וואָס איז דער גאַנצער זייגער־אָרגאַניזם אָן דיר און דאָך, וואו ליגסטו? באַגראָבן אין אַ ווינקעלע, וואו מען זעט דיך ניט און מען ווייס דיך ניט. די שוואַכע, דומע ווייזערלאַך, וועלכע קאָנען אָן דיר זיך ניט געבן אַ ריר, גייען שטאָלץ ארום אַפ'ן ציפער־בלאַט און מיינען, אַז זיי פירן די גרענדע און זעען ניט די קראַפט, וואָס גיט זיי לעבן און באַוועגונג, און ווילן פון איר ניט וויסן.

איך האָב ניט געקאָנט איינשלאָפן און האָב ווייטער גע־טראַכט: וואָס די שפּרינג־פעדער איז אין דעם זייגערל — האָב איך פילאָזאָפירט — דאָס איז די אַרבעט אין דער מענטשלאַכער געזעלשאַפט... די גאַנצע מאַכינאַציע, וואָס מען רופט „שטאַט", בלייבט שטיין, ווי אַ זייגערל, ווען די אַרבעט־ספּראַנדזשינע פּלאַצט; דער האַנדל מיט אַלע זיינע רעדעלאַך קונציק אַריינגע־פּאַסט איינער אין דעם אַנדערן; די רעגירונגס־ווייזערס מיט זיי־ער גאַנצן שטאָלץ אויבן אַפ'ן ציפער־בלאַט פון דער וועלט; דער דופּק, וואָס מען רופט דאָ עפנטלאַכע מיינונג (געמאַכט דורך ציי־

טונגען, וועלכע זענען געדרוקט אַף לומפּן־פּאַפּיר און ווערן אַרויס־געגעבן פון לומפּן־שרייבער), ווערט שטיל, שטיל, ווי דער פּולס בא א טויטן, אַזוי גיך ווי די מעכטיקע אַרבעט־ספּראַנדזשינע דער־לאַנגט זיך א שטעל און זאָגט: „איך שלעפּ ניט מער — אומזיסט אייער אָנציען און דרייען!“.

און דאָך האָט זיך מיר געוואָלט איינשלאָפן. איך האָב גע־נומען לייענען א צייטונג. וואָס איז דאָס? די בעקער־אַרבעטער ווילן מאַכן א סטרייק! איך האָב ניט געטרויט מיינע אויגן, האָב אָנגעטאָן די ספּאַקולן און האָב איבערגעלייענט דאָס שטיקל נייס. וואָס? די בעקערס? דער בעקער איז דער שליסל, וואָס ציט אַלע טאָג אָן די ספּראַנדזשינע... ווען דער שליסל זאָל ניט ווילן ציען... וואָס פאַר א טומל דאָ קאָן ווערן! וואָס וועט פּיקאַ־דילי זאָגן? וואָס וועט בייזוואָטער טאָן, ווען עס וועט קריגן צו פאַרזוכן דעם טעם פון תענית? וואָס וועט דער לאָנ־דאָנער וועסט־ענד *) זאָגן, ווען ער וועט נעמען באַגרייפן דאָס, וואָס דער איסט־ענט **) פילט זייער אָפט? וואָרים דעם בעקער־אַרבעטער׳ס סטרייק האָט צו באַדייטן עפּעס מער ווי „קנאַפּ וואַ־רימע זעמעלאַך צום פרישטיק“ — ער קאָן אָפּשטעלן דעם גאַנצן מסחר, דעם גאַנצן האַנדל און וואַנדל, און 24 שעה תענית וואָלט הייסן רעוואָלוציע...

מיט אמאָל איז מיר געקומען אַף די געדאַנקען דער מויל־וואורף און איך האָב געענדערט מיין מיינונג. דער מוילוואורף (יאַזש) איז א קליין חיה׳לע, וואָס זיין הויט איז פול מיט נאָדלען, וואָס זיי הייסן „שטאַכעלן“ אַף דייטש. אָט־דאָס קליין חיה׳לע האָט א נאַטור זיך צוזאַמענצוקייקלען ווי א קנויל פון באַוול אַזוי גיך ווי איינער וויל איר אָנגרייפן. דאָס האָט א דאָפּלטן צוועק: ערשטענס, שטעלן זיך דאַן אַוועק זיינע נאָדלען ווי טשוועקעס, און צווייטנס, ווייסט איר ניט מער, וואו די קאָפּ, וואו די פיס

*) רייכע געגנט אין לאָנדאָן.

**) די אָרימע געגנט פון לאָנדאָן.

און וואו דער קערפּער פון דעם מויל־וואורף איז. די הויפּטזאך אָבער איז, וואָס אַט־די חיה'לע, ציטערנדיק פאר איר הויט, לאָזט דאָן מיט זיך אַלעס טאָן, חוץ איר הויט אָנרירן, און איר קאָנט זי דריקן און וואַרפן און קייקלען און עס אַרט זי ניט. מען קריגט אַף איר רחמנות און מען לאָזט זי לעבן.

אזא מין חיה איז די ענגלישע געלט־פּאַרטיי. ווען זי דער־שמעקט געפאר, שטעלט זי אפילו אויס אירע נאָדלען, אָבער זי לאָזט מיט זיך טאָן, וואָס מען וויל. זי איז ניט אזא ווילדע בעס־טיע, ווי די פראַנצויזישע, למשל, און קומט געוויינטלאך אָפּ מיט א קלייניקייט. זי קייקלט זיך צוזאַמען און איר זעט ניט מער ווי איר אָנצוגרייפן; דער ארבעטער שרעקט איר אביסל אָן און לאָזט איר דאָן צופרידן. פון די בעקער — האָב איך בא זיך באשלאָסן — ווערט נאָך אויך קיין סכנה ניט קומען פאר די בייכער. עס ווערט פּאָרלויפיק בלייבן ווי געווען: די הענט װעלן ארבעטן און די בייכער וועלן זיך שטאָפּן, מאָרגן פרי ווערט דער שליסל אָנציען די ספּראָנדזשינע און דער קאפּיטאַליסטישער זייגערל ווערט זיך גיין פון דאָס־ניי ביז... ביז די ספּראָנדזשינע ווערט ווירקלאך פּלאַצן.



## דער קנעפּל פון מיין וועסט *).

איך האָב פאַרלוירן אַ קנעפּל פון מיין נייע וועסטל. דאָס איז געווען מיט שיינע עטלאַכע וואָכן צוריק און אין אַ קורצער צייט איז פון דער נייער וועסטל געוואָרן אַ תל־עולם. ווען דער קנעפּל איז אַרויסגעפאַלן, האָב איך געוואָלט צוקויפן אַן אַנדערן פון דעמזעלביקן סאָרט, האָב איך אין אָנהויב ניט געקראָגן און נאָכהער אינגאַנצן אָן דעם פאַרגעסן; דערווייל האָט זיך אַרויסגע־ריסן נאָך אַ קנעפּל און ווידער איינער און דאַן האָט די וועסטל פאַרלאָרן איר געשטאַלט; זי איז ביסלעכווייז אין מיינע אויגן וועלוועלער געוואָרן און איך האָב איר אויפגעהערט צו היטן, און היינט איז זי אַלט, אויסגעריבן און פאַרפלעקט. און די זעלביקע וועסטל, דאַרפט איר וויסן זיין, איז נאָך מיט דריי חדשים צוריק געווען מיין שענסטער מלבוש.

איר וואונדערט זיך, צו וואָס איך דערצייל דאָס אייך? איך אויך. גאָר אומזיסט, דאַכט זיך, האָב איך אַרום דעם ניט אָנגע־הויבן צו ריידן, נאָר וויסן זאָלן מיר אַלע אַזוי פון בייז, ווי איך וויים, וואָס מיך האָט אַרויפגעבראַכט אויף דעם פאַרלוירענעם קנעפּל פון מיין נייער וועסטל... וואָס האָב איך געוואָלט זאָגן? ווי דערמאָנט מען זיך? איך וואָלט זיך דערלאַנגט אַ פּאַטש אין שטערן, נאָר איך זשאַלעווע אַוועקצולייגן די פעדער, וואָרים באַ מיר איז אַ כלל: שרייב אַזוי לאַנג, ווי עס שרייבט זיך, ווייל צע־קלאַפּטע רעיונות זענען בעסער ווי גאָר קיין רעיונות ניט. נאָר, וואָס האָב איך פּאָרט געוואָלט זאָגן? מסתמא וועל איך זיך נאָך דערמאָנען. לאָמיר אינצווישן ריידן פון אַן אַנדער זאַך!

*) „אַרבעטער פריינד“, 29טן נאָוועמבער 1889.

***

נעכטן איז געשטאַנען אין די צייטונגען, אַז דער בראַזילישער קייזער דאָם־פּעדראָ האָט געקראָגן אַ „טשיסטאָ־אָטסטאַווקע" *), מחמת זיי האָבן זיך אַרומגעזען, אַז מען קאָן אויסקומען אָן אַ קייזער. מיר האָט די מעשה פאַרדראָסן. דאָם־פּעדראָ איז מיט מיר אין איינע יאָרן, נאָר דאָס איז אַ קלייניקייט. וואָס מיר ערגערט יעדעס מאָל, ווען אַ פאָלק שאַפט אָפּ אַ הערשער, איז דאָס: דער ליאַרם איז גרויס און דער פאַרדינסט — קליין. וואָס מאַכט דאָס אויס דעם אָרימאַן, צי אַ קייזער באַראַבעוועט אים, אָדער אַ רעפּובליק נעמט אַרויס בײַ אים דעם לעצטן ביסן פון מויל? אַ שפּאַנישע פליג איז איידעלער פאַר אַ פּיאַווקע, אָבער צאַפּן זיי דען ניט ביידע גלייך בלוט? ווען מען פלעגט פאַרצייטן שטעלן באַנקעס, פלעגט מען אייך שניידן די פלייש מיט אַ מעסער, היינט מאַכט מען דאָס פיינער און מען שניידט אייך מיט אַ מאַשינקע; אַמאָל איז געווען איין גרויסער מעסער אין אַ שמאָלן שייד, היינט זענען דאָ עטלאַכע קליינע מעסערלאַך אין אַ ברייטן שייד. דער שניידן איז דער זעלביקער. וואָס, פרעג איך, האָבן די פעלקער דערפון, וואָס זיי שאַפן אָפּ זייערע הערשער, ווען מען הערשט פאָרט איבער זיי? נאַטירלאַך, ווען זיי וואָלטן זיך ניט באַנוגענען דערמיט אַליין און וואָלטן פּטור ווערן צו דער זעלבער צייט פון געלט־הערשאַפט און לוין־אַרבעט און וואָלטן אַרויסטרייבן צוזאַמען מיט דעם קעניג... האַלט! אָט איז מיין קנעפּל! איך זאָג, איך האָב ניט אומזיסט אַרום אים אָנגעהויבן צו ריידן.

***

אין דער זעלבער צייטונג האָב איך געלייענט, אַז איינער פון פון די הויפּט־פירער פון דער דייטשער אַרבעטער־פּאַרטיי האָט

---

*) אַ פולשטענדיקן אָפּזאָג (פון קעניגלאַכן טראָן). זע אויך ווינטשעווסקי׳ס פּאַרטיוטש אָף זייט 149.

ערקלערט אין פּאַרלאַמענט, אַז סאָציאַליזם און קעניג קאָנען לעבן אין אחדות, אַ שטייגער ווי ישעיה הנביא זאָגט: „וגר זאב עם כבש, ונמר עם גדי ירבץ,״ *) דאָס הייסט, ווען די גאולה וועט קו־מען, וואָס נאָך אַ סאָציאַליסט'ס דעה נאָך הייסט דאָס, ווען די וועלט וועט ווערן סאָציאַליסטיש. דאָס האָב איך פריער ניט גע־וואוסט... ווייל דער אַלטער סאָציאַליסט נושא־חן זיין באַם קייזער? איז דער אַלטער סאָציאַליסט אַזוי טיף אַראָפּגעזונקען? ניין, קינ־דער, ניט פּלוצלונג, ניט מיט איין פאַל. ער האָט געהאַט אַ אי־דעאַל פּאַרצייטן, אַ בלאַנקן, נייעם, שיינעם אידעאַל, — ווי איך מיט דריי חדשים צוריק אַ נייע, שיינע, גאַנצע וועסטל. איין טאָג האָט ער פון זיין אידעאַל פאַרלוירן אַ קליין ברעקעלע, אַ קטנית, אַ גאָר־נישט — אַ קנעפּל... ביסלעכווייז איז דער אידעאַל אין זיינע אויגן אַלץ וועלוועלער און וועלוועלער געוואָרן...

זיין אידעאַל מיט מיין וועסטל האָבן היינט איין פּנים.

***

צייטנווייז בין איך צופרידן, וואָס איך בין שוין אַלט און קראַנק און שוואַך... מאַנכע מענטשן האָבן פון זייער עלטער נאָר פיל יאָרן און ווייניק כבוד. מיך האָט אימער געקרייגקט, וואָס שלמה־המלך איז אויף דער עלטער געוואָרן אַ שטיקל געצנדינער. שלמה האָט ניט מער געלעבט ווי צוויי־און־פופציק יאָר (אַ שיינער עלטער פאַר אַ קעניג — אין רוסלאַנד זאָגאַר אַ הויכער עלטער, וואָרים דאָרטן האָבן זיך ניט פיל צאַרן געהאָדעוועט אויף לאַנגע יאָרן), אָבער שלמה האָט געלעבט צו־לאַנג. איך ווינש קיין מענטשן ניט דעם טויט פאַר דער צייט, אָבער איך האַלט, אַז שאַנדע איז ערגער ווי שטאַרבן, און אַז געוויסע מענטשן לעבן אַזוי לאַנג, אַז זיי לעבן אַרויס פון זייער ערע אין זייער שאַנדע אַריין,

*) ס'וועט וואוינען אַ וואָלף מיט אַ שעפּס, און אַ לעמפּערט וועט הויערן צוזאַמען מיט אַ ציג.

און דאָס קריינקט מיך... דער רוסישער דיכטער זשוקאָווסקי איז אַף דער עלטער געוואָרן אַ קייזערלאַכער געצן־דינער; נעקראַסאָוו האָט געלעבט אַזוי לאַנג, ביז ער האָט פאַרשמירט זיין נאָמען דורך אַ געדיכט קעגן קאַראַקאָזאָוו'ן*) און פאַר אַלכסנדר השני; פריי־ליגראַטה'ן **) האָט דער טויט געקאָנט ראַטעווען פון זיין „הורא גערמאַניאַ"; ראָזעטטי וואָלט ניט געשריבן זיין סאָנעט אַף דעם 13טן מערץ 1881***). ווען ער וואָלט אַביסל פריער געשטאָרבן, און סווינבערן****) וואָלט זיך ניט פאַראייניקט מיט דער "טיימס" קעגן אירלאַנד.

אָ, ווען זיי וואָלטן זיך נאָר אין דער צייט געכאַפּט, אַז זיי פעלט אַ קנעפּל אין ועסט!

*) דער רוסישער דיכטער נעקראַסאָוו האָט פאַרדאַמט דמיטרי קאַ־ראַקאָזאָוון (1843—1866), וואָס האָט געשאָסן אַלעקסאַנדער דעם 2טן און ניט געטראָפן.

**) פערדינאַנד פרייליגראַט (1810—1876) דייטשער רעוואָלוציאָנערער דיכטער. זיך באַטייליקט אין דער רעוואָלוציע פון 1848. נאָך 1870 גע־וואָרן אַ פּאַטריאָט פון דער דייטשער אימפּעריע.

***) גאַבריעל דאַנטע ראָסעטי (2828—1882), ענגלישער דיכטער און מאָלער, געשריבן אַ סאָנעט לכבוד דעם דער'הרג'עטן צאַר אַלעק־סאַנדער דעם 2טן און קעגן די רוסישע רעוואָלוציאָנערן.

****) עלדזשערנאָן טשאַרלז סווינבורן (1837—1909). ענגלישער דיכטער. געזונגען אויך רעוואָלוציאָנערע לידער.

## פענצטער — פינצטער *).

ארום ניין א זייגער היינט אינדערפרי בין איך געזעסן באַם פענצטער אין מיין צימער... איז אייך ווען־עס־איז איינגעפאַלן, אז פענצטער און פינצטער זענען כמעט די זעלביקע ווערטער? א פענצטער איז געמאכט געוואָרן אום אריינצולאָזן די ליכט, און דאָך הייסט עס כמעט דעמזעלביקן נאָמען, ווי פינצטער, וואָס דאָס איז דער היפך פון ליכט! ווען איר וועט אביסל נאָכדיינקען, וועט איר געפינען, אז די פאַרוואַנדשאַפט צווישן פענצטער און פינצטער איז אויך דאָ באַ די ווערטער: בילדונג און (פאַר־)ווילדונג. מערקווירדיק — ניין? איך וואָלט דאָס געקאָנט באַגרייפן, ווען די ווערטער וואָלטן געווען נייע. דאַן וואָלט דאָס געשטימט, וואָרים אין דער היינטיקער געזעלשאַפט מאכט די בילדונג ווילד און די פענצטער פינצטער. איר פאַרשטייט, וואָס איך מיין? דאָס איז, דאכט זיך, איינפאַך. אמאָל האָבן מענטשן—אָרימע מענטשן—געלעבט אין הייזער אָן פענצטער און מיט מוחות אָן פענצטער. אין די הייזער און די מוחות איז געווען פינצטער און דער חושך איז געווען א נאַטירלאכער. היינט האָט יעדער אָרימאַן א פענצטער אין זיין חדר (אכיבע ער האָט קיין חדר ניט) און א שול אין דער קינדהייט. אָבער דאָס ליכט, וואָס קומט אריין דורכ'ן פענצטער פון הויז, ווייזט אים נאָר זיין דלות, אַזוי ווי די בילדונג מאכט אים נאָר ווילדער און דאָס ביסל ליכט, וואָס קומט אריין דורך דעם פענצטער פון זיין מוח, ווייזט אים נאָר זיין אומוויסנקייט, און פון ביידע ווערט אים נאָר פינצטער און ביטער!.. אלזאָ, היינט שטימט דאָס, אָבער די ווערטער זענען ניט פון היינט און

*) „אַרבעטער פריינד“, 20טן דעצעמבער 1889.

ניט פון נעכטן... מערקווירדיק! נאָר ניט דאָס האָב איך גע־וואָלט אויספירן.

כסדר אזוי... ארום גיין א זייגער היינט אינדערפרי בין איך געזעסן באַם פענצטער מיט מיין פיפקע אין מויל, מיט א ספר אין האַנט און מיט די ספּאַקולן אַפ'ן נאָז... וואָס א יאָר לייגער, רוקן זיך די ספּאַקולן אראָפּ רק נידעריקער און נידעריקער אַפ'ן נאָז, וואָרים די אויגן ווערן רק שוואַכער און שוואַכער און די האָר גרויער און גרויער און די ציינער ווייניקער און ווייניקער — קורץ און גוט, מען ווערט אַלץ עלטער און עלטער און... יאָ, מיר ווערן עלטער, אַלע עלטער, אפילו דער גראָבער יונג ווערט אַלט און דאָס, וואָס די וועלט רופט אים אַף דער עלטער „גראָבער־יונג" אנשטאָט: „אַלטער גראָביאַן" איז ניט מער, ווייל די וועלט, ווי יעדע אַנדע־רע מאַמע, מערקט ניט, ווי אירע קינדער וואַקסן אויס... וואו בין איך? לאָמיך אָנהויבן פון דאָס־ניי.

כסדר אזוי... ארום ניין א זייגער היינט אינדערפרי בין איך געזעסן באַם פענצטער מיט מיין פיפקע אין מויל, מיט א ספר אין דער האַנט און מיט די ספּאַקולן אַפ'ן נאָז און האָב מיך מכין גע־ווען צו לייענען עטלאַכע שעה. מיין אייניקל איז געווען נאָר־וואָס אוועק אין שול און אין גאַס איז געווען שטיל און אין צימער באַ מיר שטיל און פרישטיק האָב איך געהאַט געגעסן מיט אַפּעטיט, וואָס דאָס טרעפט זיך באַ מיר זעלטן, וואָרים איך בין, ניט פאַר אייך געדאַכט, איינער פון יענע, וואָס זיי פעלט אַנטוועדער דער אַפּעטיט צום פרישטיק, אָדער דער פרישטיק צום אַפּעטיט... בקיצור, איך האָב זיך געזעצט לייענען מיט גרוים כונה, ווען איך האָב פלוצלונג דערהערט עטלאַכע קינדערשע שטימען. דאָס זענען געווען פינף איינגעלאַך מיט צוויי מיידעלאַך אין מיינע יאָרן (איך מיין אַלע זיבן צוזאמען אין מיינע יאָרן, דאָס הייסט צוזאמען א יאָר פיר־און־זעכציק אַלט), גייענדיק אין שול. ווי איר ווייסט, גייען קינדער אין שול אריין ניט אזוי גיך, ווי זיי גייען צוריק (וואָס דאָס באַווייזט, ווי קלוג היינטיקע קינדער זענען), און איך האָב זיי גאַנץ גענוי באַטראַכט. די אינגסטע פון זיי זענען נאָך

געוועזן ווי־עס־איז אָנגעטאָן, די עלטערע אָבער האָבן כמעט גאָר קיין קליידער ניט געהאַט, דאָס הייסט, וועז מען רופט קליידער קליידער און ניט טראַנטעס מיט לעבער און לאַטעס. און זיי זענען געגאַנגען. איך האָב באַטראַכט זייערע צרות און האָב אַזוי פֿיר־לאָזאָפירט:

צו־וואָס האָדעווען זיך די פינף אינגעלאך? זיי קומען געוויס אַרויס פון אָרימע אַרבעטער. סיידן עפּעס אַ צופאַל וועט איינעם פון זיי אַרויסשלעפּן פון זייער מדרגה, וועלן זיי ווערן מיט דער צייט דאָס, וואָס זייערע טאַטעס זענען היינט. איינער פון זיי וועט וואַרשיינלאַך ווערן אַ גאַס־מענטש, אַ מענטש וואָס שטייט אַ גאַנצן טאָג אין גאַס און שרייט (אָן ווערטער): „ווער קויפט אַ פּאָר הענט? ווער דינגט אַ פּאָר פיס? קויפט, דינגט — זעקס מאָגנס בעטן ברויט!“ דאָס קאָן ווערן איינער פון זיי. דער אַנ־דערער מעג מיט דער צייט ווערן אַ פאַבריק־אַרבעטער און פאַר־גרעסערן ענגלאַנד'ס „נאַציאָנאַל־רייכטום“ און אַרבעטן פאַר דער ציוויליזאַציע און פיליכט ווערן אַ קאַליקע צו דרייסיק יאָר, אָדער אַ בר־מינן צו פערציק. דער דריטער האָדעוועט זיך פיליכט פאַר אַן אייזנבאַן־דינער, מיט דער אויסזיכט זיך צו דערדינען צום ראַנג פון אַ קאָנדוקטאָר מיט אַכטצען שעה טעגלאַכע אַרבעט און צוויי־דריי מאָל אַכטצען פענים טעגלאַכע געהאַלט, חוץ ווען אַן אומפאָרזיכטיקער לאָקאָמאָטיוו זאָל אים פון דער „סלוזשבע“ באַ־פרייען פאַר דער צייט. דער פערטער קאָן אמאָל ווערן אַ מאַטראָז אין דער הערלאַכער ענגלישער פלאָטע און האָבן די אויסזיכט צו פאַרלאָזן די וועלט „פער וואַסער“, נאָך אַ קורצן לעבן פון טר־כאַרעס, ליימענע פיפּקעס, שטורמווינט און שקלאַפעריי. דער פינפ־טער מעג זיך פיליכט ווערן אַ גנב, דאָס הייסט, אַ מענטש וואָס אַרבעט שווער און ביטער ביז ער פאַרדינט זיין שטיקל ברויט, און וואָס אַרבעט נאָך שווערער און נאָך ביטערער נאָכהער (אין טורמע).

דאָס קאָן פון זיי ווערן. און איצט גייען זיי מיט מאָגנס האַלב ליידיק און מיט לייבער האַלב באַדעקט אין די שול, וועלכע

איז כלומר'שט האלב־אומזיסט, הגם זייערע טאטעס צאָלן דער־
פאר, אליין ניט ווייסנדיק, אז זיי צאָלן... און וואָס לערנען זיי
דאָרטן? דאָס וואָס מען לערנט זיי, דאָס איז ניט מער, ווי צו
קאָנען אמאָל שרייבן בעטעל־בריוו, ווען זיי וועלן ניט האָבן קיין
ארבעט און ניט קאָנען מאכן קיין שלך־שלי...*) מען עפנט זיי
דאָרטן א פענצטערל אין מוח, אום צו האָבן אזוי פיל ליכט, ווי־
פיל א מענטש באדארף, אום צו זען ווי פינצטער אים איז.

***

מיט אָט־דעם געדאנק האָב איך איינגעדרעמלט. די ספּאקולן
זענען מיר אראָפּגעפאלן פון נאָז, דאָס בוך איז מיר ארויסגעפאלן
פון האנט, די פּיפּקע פון מויל. אין קאָפּ האָבן זיך געדרייט די
ווערטער: פענצטער — פינצטער; בילדונג — פארווילדונג.

---

*) דיזנע איז מיינע.



## ווערטער אָן אַ טאָלק*).

בין איך משוגע? אויב יאָ — טאָ ווען בין איך אַראָפּ פון זינען און דורך וואָס? די וועלט זאָגט? די וועלט איז אַ ליג־נערקע, וואָס זי זאָגט איז ניט ווערט אָן אויסגעריבענעם, פאַר־שימלטן, צעשלאָגענעם האַלבן גראָשן. איך גלויב ניט, אַז איך בין אַראָפּ פון זינען און איך וועל איי ך זאָגן וואָרום. אין מיינע יונגע יאָרן האָב איך אַמאָל געוויזן אַ ציגיינערקע מיין האַנט. דעמאָלס האָב איך נאָך געגלויבט אין ציגיינערקעס, אין טאַטערס, אין דעם מהרם־שיף׳ס גאונות און אין אַלע עשרה נסים. די ציי־גיינערקע האָט אױף מיר נביאות געזאָגט, אַז איך וועל לעבן און שטאַרבן אַ דיינקער, וואָס דאָס האָט מיך געבראַכט אױף דעם שרעק־לאַכן רעיון, אַז איך וועל ענדיקן מיינע יאָרן אין אַ דולהויז, אין שטריק און אונטער צעבערס פון קאַלטע וואַסער.

ווען איך בין אַריין אין די פּופּציקער און האָב אָנגעפאַנגען צו טראַכטן אַרום מיין סוף, פלעג איך אָפט קלערן ווי אַזוי צו קאָנען וויסן, אַז איך ווער אויס־בר־דעת. דעמאָלס האָב איך גע־מאַכט אַ צענדליק סמנים. גלייך ווי איך וועל מטורף ווערן — האָב איך גערעכנט — וועל איך נעמען לייגן תפילין שבתים, ימים טובים און תשעה־באב אינדערפרי. איך קאָן ניט זאָגן, אַז איך טו דאָס.

דאַן וועל איך מסתמא אָנהייבן צו גיין הערן מגידים, — האָב איך גערעכנט — וועל איך נעמען לייגן תפילין שבתים, ימים־טובים. אויך נאָך ניט געקומען; איך גיי אפילו אין די „קדימה“ ניט און די קדימה׳דיקע דרשנים איז ווערט צו זען, (וואַרום

*) „אַרבעטער פריינד“, 14טן פעברואַר 1890.

הערן הער איך זיי אין טראַק), ווייל זיי זענען אַלע אַנטלאָפענע סאָציאַליסטן, דאָס הייסט אַנטלאָפן פון סאָציאַליזם, ניט פון סאָלדאַטן, חלילה.

פאַר א דריטן סימפּטאָם פון משוגעת האָב איך געהאַלטן צו וועלן ווערן אויף די אַלטע יאָרן א פאַבריקאַנט פון וואָלענע ציצית, וואָרום באַם קלאָרן זינען וואָלט איך גיכער געקליבן אויף ארץ־ישראל, וואָס דאָס איז אַן עסק, וועלכער טראָגט אריין א סך מער ווי ציצית־מאַכן, און דערביי איז מען זיכערער פון מאַרידן אויך.

סימן נומער פיר מיינער איז געווען: א חשק זיך צו שמד'ן. דערצו האָב איך די פיינסטע געלעגנהייט איצט (פון מיין דירה צו פעלעסטין־פליים *) איז א האַזנשפּרונג) און מיר הויבט זיך גאָר ניט אָן צו וועלן ווערן א מי־שהיה־איד. אפילו דער ראַנג פון א פּאָלקאָווניק אין דער סאַלוויישאָן־אַרמיי וואָלט מיך דערצו ניט קענען באַוועגן, כאָטש איך בין א ליבהאָבער פון מוזיקאַלישע אמונות, און צום דאַוונען אין א טומל בין איך געוואוינט פון מינסקער חסידישן מנין.

פאַרן פינפטן סימן האָב איך גערעכנט, אַז איך וועל אָנהויבן צו גלויבן, אַז מען קען ווערן א מיליאָנער פון אויסנייען קנאָפּלעכער באַ א לאָנדאָנער שניידער. נאָך האָב איך דעם גלויבן ניט; וואָס קען קומען מיט דער צייט, ווייס איך ניט. נייגיריקע לעזער קענען א פרעג טאָן מיין אייניקל — אין א יאָר צוואַנציק אַרום. ווער עס וויל פּרובירן טרעפן, מעג, נאָר וויסן מוז ער, ער טוט דאָס „פיר אייגענע רעכנונג און געפאַר“.

מיין זעקסטער סימן פון קומעדיקע משוגעת איז געווען — א פאַרוועלנס צו מאַכן א פירוש אויף שיר־השירים. אַזוי ווי איך האַלט, אַז א סטאַטוע פון דער ליבעס־געטין (טאָמער וויל א פּרו־מער לעזער זאָגן: געצקע, ווער איך אים ניט), ווענום דאַרף ניט איינגעוויקלט ווערן אין א טאַמבאָווער ראַגאָזשע, וואָלט איך

*) מיסיאָנערן־הויז אין לאָנדאָן.

זייענדיק באַם זינען, אויך ניט אָנטאָן שלמה'ס ליבעס־געזאַנג אין אַ העמד פון פּוסטע פּראָזע.

אַ זיבעטער סימפּטאָם וועט זיין, ווען איך וועל מיט אַמאָל נעמען גלויבן — אַזוי האָב איך גערעכנט — אַז פּרומע מייס־טערס האַלטן פון „לא תלין פעולת שכיר"*).

דעם אַכטן און דעם ניינטן געדענק איך ניט. אָבער מיין צענטער (זיכערער) סימן פון טירוף איז געווען אָט־דער: איך וועל ווערן, אַזוי מיר פאָרגעקומען, פון אַ סאָציאַליסט אַ ראַדיקאַל, פון אַ ראַדיקאַל אַ ליבעראַלער, פון אַ ליבעראַלן אַ קאָנסערוואַטי־ווער, פון אַ קאָנסערוואַטיוון אַ פּראָסטער נאַר, און פון אַ נאַר אַן אָבעזיאַנע, ווי די היינטיקע ווילן האָבן, אַז אונזערע אבות־אבותינו זענען עס געווען. אַזוי ווי איך האַלט נאָך פאָרלויפיג ניט אַזוי ווייט, רעכן איך, אַז איך בין ניט משוגע.

*) זאָלסט ניט לאָזן איבערנעכטיקן דעם לוין פון אַן אַרבעטער באַ דיר ביז אין דער פרי.



## וואָס איך האָב געוואָלט שרייבן *).

עס איז גאָר קיין וואונדער ניט, וואָס אידן זענען גרעסערע בעלי־חשבונות, ווי אַנדערע פעלקער. רייכע אידן ציילן געלט (רייכע גוים טוען דאָס אפילו אויך, אָבער ניט אַזוי אָפט), און אָרעמע אידן ציילן די ציינער אין מויל; פרומע אידן ציילן ספירה, צווישן פסח און שבועות, מלקות ערב יום־כפור, די מכות צום סדר און המנ'ס קינדער אין דער מגילה; זיי ציילן די ווערטער אין דער תורה און די אותיות אין די ווערטער און מאַכן גרויסע און קליינע פרטים אַפן יאָר;**) זיי ציילן די שטונדן צווישן די מילכיקע און פליישיקע און די מינוטן צווישן זאַלצן פלייש און כשר'ן; זיי האָבן אין די געדאַנקען די דריי וואָכן פון שבעה־עשר בתמוז ביז תשעה־באב, און אין די דריי וואָכן די ניין טעג און דאָן די עשרת ימי־תשובה; זיי ציילן שבת די סעודות און צום סדר די מצות און מהדרים ציילן אפילו די קדושות, וואָס זיי הערן, און וויפיל מאָל זיי שפרינגען קדוש; זיי ציילן די טריט באַם אויסגיין שמונה־עשרה און די קולות און די תקיעות און די הונדערט ברכות, וואָס זיי גיבן דעם רבש"ע אַלע טאָג; די כוסות צום סדר ווערן געטרונקען מיט אַ צאָל און די בנים אין דער הגדה זענען נומערירט און די מצוות אין דער תורה זענען אויסגעציילט אַזוי פיל און אַזוי פיל פון איין סאָרט און אַזוי פיל און אַזוי פיל פון דעם אַנדערן סאָרט — אַלץ אַף קלאָר. יעדער חדר־אינגל ווייס פון די פינף חומשים, די פינף מגילות, די צוועלף קליינע נביאים; פון דוד'ס אַכצן ווייבער, פון שלמה'ס טויזנט, פון די זעקס סדרים ש"ס און פון די טויזנט יאָר, וואָס זענען באַם בורא־עולם אַ טאָג; די מיתות בית־דין האָבן אַ צאָל און די מלכים, וואָס יהושע האָט איינגענומען, זענען אויסגעציילט, די שטריק, מיט וועלכע מען האָט געבונדן שמשון הגבור, און די

*) „אַרבעטער פריינד", 2טן מאַי 1890.

**) למשל אַ פסוק, וועמעס אותיות באַטרעפן, אַלס ציפער, די סומע פון 5687 (ה"תרפ"ז) אָדער בלויז 687 (תרפ"ז) א. ד. ג.

פלישתים, וואָס דוד האָט מאום באהאַנדלט, ווען ער האָט גע־דאַרפט ווערן אַ קעניגלאַכער איידעם בא שאול המלך ; די רצועה פון של יד (פון תפילין) ווערט אַרומגעוויקלט אַרום דער לינקער האַנט מיט אַ חשבון און די פּרשות אינווייניק זענען געציילט ; יעדער איד ווייס פון די צוועלף שבטים, פון אברהמ'ס קעפּס־ווייבער, וויפיל זיי זענען, פון די זיבן הימלען, פון די זיבן מדורי גהינום, פון די ארבע אמות דאָ און פון צען טפחים דאָרטן — אַלץ ריכטיק אויסגערעכנט און אויסגעציילט.

בא זיי ביניהם דאַרף אַ אינגל זיין דורכגעגאַנגען שיינע עט־לאַכע קלאַסן גימנאַזיע, איידער ער קאָן בארעכענען, אַז ווען מען צינדט אָן חנוכה פון ערשטן ביז אַכטן טאָג רק מיט איין ליכטל מער — אַז דאָס מאַכט אוים בסך־הכל זעקס־און־דרייסיק ליכט־לאַך, חוץ די איין גרויסע ליכט, מיט וועלכער מען צינדט זיי אָן; זיי זאָגן אויך תהלים (איבערהויפּט די ענגלענדער) אָבער פרעגט זיי בחרם וויפיל קאַפּיטלאַך זיי האָבן אויסגעזאָגט אַ טאָג — מער ווי אַ איד קען דאָס ניט בארעכענען. בא זיי שטאַרבט מען אויך, אָבער צו ווייסן זיי גאָר וויפיל טעג זיי זיצן אין טרויער, וויפיל טעג די נשמה בלאָנדזשעט אַרום אין שטוב, וויפיל חדשים מען זאָגט קדיש ? ווי קומען זיי דערצו ? בא אונז ווייס דאָס די גרעבסטע קאָפּ.

און איצט, ליבע לעזער, שטיי איך ווי אַ האָן אין בני־אדם, און קען בשום אופן ניט פאַרשטיין, וואָס אייגנטלאַך מיך האָט געבראַכט אַף אָט־די אַלע חשבונות און חקירות? גאָר אומזיסט האָב איך דאָס ניט געטאָן, גאָר אומזיסט ליידט מען אפילו קיין הונגער ניט. אויסער די קאַפּע אין די וואָלוועלע קאַפּע־הייזער, האָט אַלץ אין דער וועלט אַ גרונד, און חוץ די דרשות פון לאָנ־דאָנער מגידים, האָט אַלץ אַ טעם ; פון העלער־הויט ווערט קיין זאַך ניט, אפילו ניט אַ קאַזיאָנער רב, *) און חוץ די אינגע־

*) אין צאַרישן רוסלאַנד זענען געווען צווייערליי רבנים: „דו־כאָוונע" (גייסטיקע), וואָס האָבן געדאַרפט זיין לומדים, און „קאַזיאָנע" (מלוכה'שע), וואָס זענען דערפון געווען פּטור.

ווייט פון א קמיע קען אַלץ דערקלערט ווערן. דער פּוסטער גע־דאַנק קומט אַרוים פון עפּעס, האָט אַ טאַטן מיט אַ מאַמען און, געוויינלאַך, האָט אַזאַ שיטה פון א רעיון אַ לאַנגן שלשלת־היוחסין, פּונקט ווי אַ אידישער מיוחס, אָדער ווי אַן אַדעליקער באַ די אומות־העולם. פון דיר נישט—מיר נישט ווערט קיין זאַך ניט, און וויסנדיק, אַז דאָס איז אַזוי, פרעג איך באַ אייך, ווי אַזוי איך בין געקומען דערצו צו פאַרגיסן אַזוי פיל טינט אַרום דעם, וואָס אידן זענען אַזעלכע בעלי־חשבונות? כ'לעבן, טינט איז ניט בלוט, און איך בין ניט קיין טיראַן און ווען איך גיס, מוז דערצו זיין אַ גרונד! רעדן אַזוי גלאַט... סתם אין דער וועלט אַריין... דאָס פּאַסט פאַר א אידישן אַקטיאָר, וואָס לערנט קיינמאָל ניט אוים זיין ראָלע, אָבער ניט פאַר א פילאָסאָף, אַפילו ניט פאַר א משוגענעם דיטאָ*), הגם איך וויים באַ זיך, אַז די גאַנצע מעשה איז אַ בלבול און אַ שם־רע. אַרום וואָס, אַלזאָ, האָב איך געקענט טראַכטן בשעת מיר זענען אָט־די אַלע חשבונות אַרויפגעקומען אַף די געדאַנ־קען? דאַכט זיך, ניט אַרום געלט. ווען איך וואָלט געטראַכט ארום געלט און וואָלט גענומען פירן מיין פעדער פון דער רעכטער האַנט צו דער לינקער, דאָס הייסט שרייבן אידיש (דאָס, וואָס דאָס הייסט האָב איך, נאַטירלאַך, געקענט גלייך זאָגן, אָז דער פראַזע וועגן רעכטס און לינקס, אָבער אין מיר קלאַפּט נאָך אַן אָדער פון השכלה און צייטנווייז ווילט זיך מיר שרייבן מיט מליצה; דערפאַר זאָג איך, ווי איך האָב געזאָגט, אַז ווען איך וואָלט געטראַכט אַרום געלט און וואָלט דערנאָך גענומען פירן די פעדער פון רעכטס צו לינקס) וואָלט איך ווירקלאַך געווען משוגע. אַלזאָ, דער רעיון פון געלט האָט מיך דערצו ניט געבראַכט. וואָס־זשע דען? דער ציילן ספירה? אויך ניט. איך צייל אַליין ניט, איך פאַרלאָז זיך אַף אַנדערע פרומע אידן און אין אַזעלכע חשבונות וויים איך, אַז איך קען זיי טרויען, ווארום זיי מאַכן נאָר אַ טעות אין חשבון, ווען עס קומט זיי דערפון אַרוים א נוץ: ספירה איז ניט „ווײדזשעס"**) און... אַ סוף, אָט איז מיין איינ־יקל צוריק פון שול.

*) דער זעלביקער (פילאָזאָף).

**) שכירות.

## אַלץ הייסט פילאָסאָפיע *).

עס זענען דאָ פיר סאָרטן שרייבער, ואלו הן: אזעלכע, וואָס קענען און ווילן ניט; וואָס ווילן און קענען ניט; וואָס ווילן און קענען; וואָס ווילן ניט און קענען ניט. איר וועט פּי־לייכט זאָגן, אַז די שרייבער פון דעם לעצטן מין, נעמלאך די, וואָס אי זיי ווילן ניט, אי זיי קענען ניט, זענען גאָר קיין שרייבער ניט, — זאָלט איר דאָס בעסער ניט זאָגן וואָרום איר וועט דערמיט נאָך באַווייזן, אַז איר האָט קיין שכל ניט, און דער באַווייז איז איבריק, ווייל מען ווייסט דאָס. ווען איר וואָלט געהאַט שכל, וואָלט איר קיין אָרעמע לייט ניט געווען — און מאַכט מיר ניט קיין זויערע מינעס, איך בעט אייך! ווי לייכט איר געפינט זיך באַליידיקט! און פון וואָס? פון אַ וואָרט. וואונדערבאַרע מענטשן! אַרבעטן שווער און האָבן אַ (שוויגער? — איך מאַך אַזעלכע פּוסטע וויצן ניט; איך זאָג אַרבעטן שווער און האָבן) מכות — איז באַ אייך רעכט; זיך לאָזן רייסן, צופּן, שינדן, באַטריגן, פאַרנאַרן, פאַר־בלענדן, טיראַנעווען — דאָס איז באַ אייך אַ קלייניקייט; לאָזן מענטשן, וואָס באַ זיי קריכט שוין פון האַלז, אַרויסנעמען דעם לעצטן ביסן פון מויל, — דאָס איז גאָרנישט; מקריב זיין אומשולדיקע עופה'לאך אויף דעם מזבח פון דעם עגל־הזהב — דאָס לאָזט איר זיך געפאַלן; צו האָדעווען קינדער פאַרן טייוול, צו זען, למשל, ווי אַ זון ווערט אַ ציל אויף צוויי פיס פאַר אַ ביקס, מיט דער איינציקער נחמה דערבײַ, וואָס ער האָט ביכולת צו דערמאָרדן דעם, וואָס צילעוועט זיך אין אים — דאָס קומט באַ אייך אויס, „ווי עס באַדאַרף צו זיין". דאָס אַלץ איז רעכט און כשר. איר דערלאַנגט זיך אַפילו ניט אַ קרים דערבײַ. לאָז אָבער קומען אַ

*) „אַרבעטער פריינד", 6טן יוני 1890.

מענטש, ווי איך, און אייך זאָגן אין גוטן מוט — ניט מיינענדיק, חלילה, קיין שום בייז — „רבותי, איר האָט ניט קיין שכל“, מאַכט איר אַ בייזע מינע און שרייט: „טי מענע רוגאַל (דו האָסט מיך באַליידיקט, ווי מען זאָגט אין דער ליטע, ריידנדיק רוסיש מיט אַ אידישן אַקצענט), אַ שטייגער ווי הערן דעם אמת וואָלט ערגער געווען, וו אַלץ אין דער וועלט.

נאָר די גלייכסטע זאַך וואָלט געווען, מיר ניט צו זאָגן קיין דעות און, ווען איך רעכן אונטער די פיר מינים שרייבערס אַזעלכע, וואָס אי זיי קענען ניט, אי זיי ווילן ניט שרייבן, מיר ניט צו בורבלען אונטערן נאָז: „די זענען גאָר קיין שרייבער ניט“, זיי זענען יאָ. זיי זענען דער גרעסטער טייל פון אַלע שרייבער און זייערע שרייבערייווערט צום מערסטן געלעזן. זיי פילן אויס אַלע טאָג אַ וויכטיקן טייל פון אַלע גרויסע צייטונגען און דער גרונד דערפון, וואָס אי גיי קענען ניט, אי זיי ווילן ניט שרייבן, מיר ניט צו בורבלען זעט איר, איז איינע פון די שוואַכע זייטן פון דער געטלאַכער געזעלשאַפט־אָרדענונג, אין וועלכער מיר לעבן, איינער פון די חסרונות פון אונזער הערלאַכער ציוויליזאַציע. אָנשטאָט וואָס יעדער מענטש זאָל זיין אַף זיין אָרט, איז ער שטענדיק אַף אַן אַנדערנס אָרט, און אָנשטאָט וואָס ער זאָל טאָן דאָס, וואָס ער קען, טוט ער, געווינלאַך, דאָס, וואָס זיין שכן קען. נעמט, למשל, אַ היפּאָקריט צווישן אייערע באַקאַנטע. אַפן ערשטן בליק איז דער מאַן אַ פּולקאָמענער היפּאָקריט, מיט אַלע קליפּערלאַך. קוקט זיך אָבער אין אים גוט איין, באַטראַכט אים גענוי, וועט איר געפינען, אַז דער מאַן טויג אייגנטלאַך גאָרניט צו זיין ראָלע, ער קען ניט צבוע׳אַקעווען און וויל ניט. און דאָס, וואָס ער צבוע׳אַקעוועט דאָך, איז ניט מער, ווייל ער וויל נעבאַך לעבן. ער איז ניט אַ קינסטלער־היפּאָקריט, ניט אַ מייסטער אין זיין פאַך, ער איז נאָר אַ מאָגן־היפּאָקריט; ער פאַסט יום־כפור, כדי ער זאָל האָבן וואָס צו עסן די ערשטע טעג סוכות; ער עסט ניט פאַרן דאַווענען, כדי צו האָבן וואָס צו עסן נאָכן דאַווענען; ער לייענט קריאת־שמע, ווייל אַ־ניט וואָלט מען אים ניט געגעבן קיין בעט, וואו צו שלאָפן. אַזוינער

פארנעמט נאָך דעם ריכטיקן היפּאָקריט'ס אָרט, וועלכער וואָלט מאַכן גאָלד, וואו דער פּאַרטאַטש־היפּאָקריט פּאַרקויפט זיין „נשמה" פאַר אַ טאָפּ לינזן. ער קען ניט און וויל ניט און טוט, ווייל — נו, איר פאַרשטייט, וואָס איך מיין.

יאָ, קיין זאַך און קיין מענטש איז ניט אַף דעם ריכטיקן אָרט — דאָס האָב איך אָפּט דעם שטאָלצן ניינצענטן יאָרהונדערט געזאָגט, וועלכער (דאָס מעג איך אייך זאָגן אונטער פיר אויגן) איז כמעט שוין עובר־בטל, ווי יעדער אַנדערער, וואָס קומט אריין אין די ניינציקער.

נאָך אַ ביישפּיל, מיין אייניקל (זאָל לעבן) האָט אַ חבר (זאָל ער אויך לעבן), מיט אים אין איינע יאָרן. דער איינגל האָט אין זיינע יונגע יאָרן — דאָס הייסט אַ יאָר אָדער צוויי נאָך זיין אריינקריכן אין פלודערקעס — געהאַנדלט מיט שוועדישע שוועבעלאָך. ער האָט צו דעם מסחר ניט געטויגט. ער האָט דאָס ניט געוואָלט און האָט דאָס ניט געקענט. ער איז ניט געווען אַף זיין אָרט. ער האָט אויך ניט געמאַכט קיין זייער גלענצנדיקע געשעפטן און דער סוף איז געווען, אַז ער האָט איין שיינעם פרימאָרגן געמאַכט באַנקראָט, אַנזעצנדיק אַ פּענים דרייצן, אויב ניט מער. היינט פוצט ער שטיוול און דאָס אויך ניט ווילנדיק און ניט קענענדיק. ער טויג דערצו אויך ניט. צו וואָס טויג ער? צום זינגען. ער האָט אַ קול'כעלע, ווי אַ קאַנאַריק און מען דאַרף אים נאָר אויסבילדן. מיין אייניקל פאַרשטייט דאָס, אָבער ער קען זיין חבר ניט העלפן. איך אויך ניט. און וואָס וועט פון אים ווערן? אַ בעטהאָווען, פיליכט, וואָס באַקט בייגל, אַ פרידריך שילער, וואָס שרייבט מזוזות בּאַ אַ ספר סת"ם.

***

איך האָב אייך געזאָגט, אַז עס זענען דאָ פיר מינים שרייבער: אַזעלכע, וואָס ווילן און קענען ניט; אַנדערע, וואָס קענען און ווילן ניט; ווידער אַנדערע, וואָס קענען און ווילן, און דאַן ווידער

אנדערע, וואָס קענען ניט און ווילן ניט. אייך צו געבן א שטיקעלע ידיעה דערפון, ווי מען שרייבט, ווי מען קען ניט און מען וויל ניט — האָב איך געמאכט אָט־די היינטיקע פילאָזאָפיע. זייט געזונט.



## נאַרעשקייט *).

שלמה המלך האָט געמוזט זיין אַ גרויסער נאַר, איידער ער איז געוואָרן אַ גרויסער חכם. אַ מענטש, וואָס גאָט באַווייזט זיך צו אים און גיט אים די ברירה צו האָבן אַלץ אין דער וועלט, און ער קלייבט זיך אויס פון אַלץ אין דער וועלט חכמה, — אַזאַ מענטש מוז זיין זייער דום.

קלוג צו זיין איז שוין דום גענוג, אָבער צו וועלן זיין קלוג, — דאָס איז עפּעס גאָר מעשה־פערד! אַף דער עלטער האָט דאָס שלמה אַליין פאַרשטאַנען; ווען ער איז געוואָרן אַ קהלת, אַ זאָגער, אַ פּריידיקער... (האַלט, דאָ פאַלט מיר עטוואָס איין. יעדער מענטש, וואָס זינדיקט אַ סך אין זיינע יונגע יאָרן, שיינט מיר צו ווערן אַ פּריידיקער אַף דער עלטער. איצט ווייטער. לאָמיך אָנהויבן פון דאָס ניי. איך זאָג: ווען ער, שלמה, איז געוואָרן אַ קהלת, אַ פּריידיקער, האָט ער זיך אַליין ארומגעזען, אַז יוסיף דעת יוסיף מכאוב, וואָס דער טייטש מאַכט אַף דערויף: וואָס מער מען ווייסט, קריינקט אַלץ מער די האַרץ. אָבער דאָס איז שוין געוועזן צו שפּעט. וואָלט ער דעמזעלביקן שכל געהאַט בשעת דער אויבערשטער האָט אים באַזוכט אין זיין יוגנט, דאַן וואָלט ער ניט געבעטן חכמה.

אונזערע אידן האָבן פון אייביק־אָן געהאַט אַ ווערטל: „וואָס העלפט די חכמה, ווען די נאַרעשקייט גילט!“ אָבער ווען אחינו בני ישראל זאָגן דאָס, טראַכטן זיי אַרום די נאַרן, וואָס זיי איז גוט. איך טראַכט אַרום די, וואָס זיי איז גוט, ווייל זיי זענען נאַרן, און די נפקא־מינה איז אַ גרויסע. דער מענטש, וואָס איז

*) „אַרבעטער פריינד“, 22טן אויגוסט 1890.

אַ נאַר און אים איז גוט, האָט ניט מיט וואָס זיך איבערצוגעמען, מחמת עס זענען דאָ קלוגע, וואָס זיי איז אויך גוט. דער אָבער, וואָס אים איז נאַר גוט, ווייל ער איז אַ נאַר, וואָס אים וואָלט אָן זיינע נאַרעשקייט אפשר גאָר שלעכט געווען, אים, פאַרשטייט איר, איז דאָ וואָס מקנא צו זיין. ער איז גליקלאך!

אָ, נאַרעשקייט אין אַ מענטשן איז אַ גרויסע מעלה און אזוי וואויל איז צו דעם, וועמען דער שומר פּתאים האָט געבענשט דערמיט!

איך בין באַ זיך ניט גענאַרט. מענטשן מעגן מיך רופן משוגענער פילאָזאָף, איך וויים, אַז איך בין אייגנטלאך נאָר אַ קלאָרער נאַך. ליידער בין איך ניט נאַר גענוג, אום צו זיין גליקלאך. איך בין ניט קיין פולקאָמענער נאַר, איך בין ניט אַ שוטה, ווי מען באַדאַרף צו זיין. דערפון לייד איך, דאָס פאַרביטערט מיינע אַלטע יאָרן.

איך קלער, איך טראַכט, איך דענק, איך וויל דאָס און יענעם פאַרשטיין, באַגרייפן. וואָלט איך געווען אַ ריכטיקער נאַר, וואָלט איך דאָס אַלץ ניט געטאָן און מיר וואָלט געווען גוט.

למשל, איך עס אַ צוקער־זעמעלע. דאָס איז געשמאַק, איך דאַרף, נאָכן יושר נאָך, דערפון הנאה האָבן. מיט אַמאָל קומט מיר אַריין אין די געדאַנקען אַזאַ מין באַרעכענונג. אָט — טראַכט איך — איז אַ צוקער־זעמעלע; אום איר צו האָבן דאָ אַף מיין טיש, האָט ווער עס איז געאַקערט און געבראָנעוועט די ערד, געזייט, גע'דאַגה'ט און געשניטן די ווייץ; אַן אַנדערער האָט עס געפירט צום מיל, אַ דריטער האָט עס געמאָלן, אַ פערטער האָט עס געבראַכט אין שטאָט, אַ פינפטער האָט עס געשלעפּט צום בעקער, אַ זעקסטער האָט עס געבאַקן. איצט עס איך די זעמעלע, בעת דער אַקערער, דער בראָנעוועער, דער קאָרנשניידער, דער בעל־עגלה, דער מילנער, דער בייטלער, דער זאַק־טרעגער, דער קנעכט, דער בעקער, (זיי אַלע, איך מיין די ווירקלאַכע טוערס, ניט זייערע בעלי־בתים) עסן שוואַרץ־ברויט און אַמאָל דאָס אויך ניט. ווי קום איך צו עסן די זעמעלע? וואָס האָב איך געטאָן דאָס צו פאַרדינען?

פונדעסטוועגן פיל איך הונגער, און אַוועקלייגנדיק די פילאָזאָפיע אָן אַ זייט, נעם איך זיך צו דער אכילה. וואו איז די זעמעלע ? איך זע איר ניט. אַף דער עלטער ווערן די אויגן שוואַך, מסתמא... איך טו אָן די ספּאַקולן און קוק. ניטאָ. אין אַ ווינקעלע שטייט מיין אייניקל און ענדיקט זי עסן. אָנגעהויבן האָט ער, גלייך ווי איך האָב זיך פאַרטראַכט. דאָס וואָלט ניט פּאַסירט, ווען איך וואָלט געווען אַ גאַנצער נאַר און ניט (ווי איך בין היינט) אַ האַל־בער נאַר, אָדער, ווי מיינער אַ באַקאַנטער (אַ שרייבער) וואָלט געזאָגט: אַ ניט־אַנטוויקלטער נאַר.

אָבער לאָמיר אפילו זאָגן, אַז דער שייגעץ האָט די זעמעלע ניט אויפגעגעסן, מיינט איר, אַז איך וואָלט פון איר ריכטיק הנאה געהאַט ? ניין, איך וואָלט עסנדיק רק געקלערט אַרום די שוואַרץ־ברויט־עסערס, די ווייניק־עסערס, די גאָר־נישט־עסערס און וואָלט געטראַכט און געקלערט, וואַרום די וועלט איז אַזוי און ניט אַנ־דערש, און וואָלט זיך געשטיקט מיט דער זעמעלע און וואָלט איר נאָכהער ניט פאַרדייעט.

די גאַנצע נאַרן איז גוט, זיי מיינען, אַז אַלץ איז שטענדיק געווען, ווי עס איז, און אַז אַלץ מוז אַזוי בלייבן, ווי עס איז, זיי זעען ווי מענטשן דינען איינע די אַנדערע ; זיי זעען, ווי אָרעמע לייט'ס קינדער ווערן געבאָרן אין נויט און וואַקסן אין דלות, און לעבן אַף צרות און שטאַרבן פון הונגער; זיי זעען, ווי עס ווערן טאָג־טעגלאַך גע'הרג'עט, פאַרמוטשעט, פאַרשוואַרצט די, וואָס האָ־רעווען און מאַכן פאַר די, וואָס שפּילן זיך און עסן, — זיי, די גאַנצע נאַרן, זעען דאָס און זיי אַרט ניט, ווייל זיי מיינען, אַז עס דאַרף דאָס אַלץ אַזוי זיין, אַז דאָס מוז אַלץ אַזוי זיין, אַז דאָס איז נאַטירלאַך, געטלאַך און אייביק. אין זייער ליבע דומהייט זענען זיי גליקלאַך און, ווען זיי האָבן אַ צוקער־זעמעלע, עסן זיי, שמאַקעווען זיך, פאַרדייען און קלערן נאָר וועגן נאָך איינע אַף שפּעטער.

הייליקע דומהייט ! איך בוק זיך פאַר דיר ! געבענטשט איז דיין נאָמען אַף אייביק און אייביק, אמן !

# געלט *).

פאר געלט קען מען קריגן א סך זאכן: אן ארעמאן קען קריגן פאר געלט א טאסע ווארעמע, מוטנע, האלב־פארזיסטע וואסער אין פילאנטראפישע קאפיינעס; פאר געלט קען א אידישער מייסטער קריגן א גאנץ יאר הענט, און שמחת־תורה א פסוק פון אתה־הראית; פאר געלט קען א רייכער ענגלענדער קריגן א שטאט אין פארלאמענט און א מוח, וואס זאל פאר אים אויסקלערן א „ספיטש**); פאר געלט קען דער טיראן קריגן א פארטיידיקער פאר זיין גרענדע־פירן און א באוואונדערער פארן קנוט; פאר געלט קען דער שאוויניזם קריגן ענטוזיאסטן און די פאראייניקטע פאטריאטן א סעקרעטאר; פאר געלט קען אן ענגלישער האבינער קריגן א מלמד, וואס זאל אים לערנען עברי, און ער קען דאן קומען אזוי וויט, אז ער זאל זאגן וחלקלקות און ניט דערוואָרגן ווערן; פאר געלט קען א רייכער עם־הארץ קריגן א ווינקעלע אין דער גרעסטער ציימונג, וואו מען לאזט אים באווייזן שווארץ אף וויים, אז ער איז א „גאט־פארדאמטער נאר"; פאר געלט קאן א רייכע פרוי קריגן א פרומאק, וואס זאל פסק'ענען, אז באטש דער קאסטיום פון א באלעט־טענצערין איז טריף, פונדעסטוועגן דער רייכער פרוי'ס באל־קלייד — די קלייד, וואס איז אן ארבל, אן א קראגן, חוץ וואס עס פעלט אין איר דריי־פערטל אר־שין שטאף באם ברוסט—איז כשר; פאר געלט קאן א רייכער עפל־קרעמער ווערן א לארד־מעיאר ***) אין לאנדאן, פסק'ענען שאלות

*) „ארבעטער פריינד", 27טן אקטאבער 1890.

**) א רעדע.

***) מעיאר, בירגערמייסטער.

אין גילד־האָל *) אַלס ריכטער, און קאָן געבן מענטשן פיר וואָכן „הארד־לייבאָר**), זייענדיק א מבין אף אויבס ; פאַר געלט קאָן א מערדער קריגן אן אַדוואָקאט און די מענטשלאַכע געזעל־שאַפט א מערדער, וואָס זאָל נאכהער ערמאָרדן דעם מערדער ; פאַר געלט קאָן מען קריגן אַביסעלע כינין און צוויי קוואַטירלאַך ריינע וואַסער פון יעדן ענגלישן אַפּטייקער אַלס מיטל צו אַלע חלאים רעים ונאמנים, פון א קאָטער ביז א לונגן־פעלער ; פאַר געלט קאָן א רייכער זון קריגן פון א מגיד א פייערדיקן הספד אף א טאַטן, וועל־כער האָט פון דער גאַנצער אידישקייט נאָר אָפּגעהיט די דריי מצוות : — גוט עסן ערב יום־כפור, ניט לייגן קיין תפילין תשעה־באב אינדערפרי און ניט לייענען קריאת־שמע די ערשטע נאַכט פון פסח ; פאַר געלט קאָנען די סוועטערס קריגן א דרשן, וואָס זאָל באַקעמפן די סאָציאַליסטן, וועלכע זאָגן, אז „העגט" זענען גע־מאַכט געוואָרן אי צום אַרבעטן, אי צום קלאַפּן, ווען מען דאַרף ; פאַר געלט קאָנען די ענגלישע אידן האָבן צייטונגען, וועלכע באַ־ווייזן, אז פאַרקויפן איבערגעניצעוועטע קליידער, פּראָצענט נעמען, בערזענשווינדל און גיין אין שול — זענען דער אידעאַל פון׳ם אידנטום ; פאַר געלט קאָן דער קאַפּיטאַליזם קריגן וואַסערדיקע פילאָזאָפן, וועלכע זאָלן דערקלערן דעם פאָלק, אז ניט שכרות קומט פון נויט, זאָנדערן נויט פון שכרות ; פאַר געלט קאָן א מענטש אָן אן איינציקן געדאַנק אין קאָפּ, אָן א צונג אין מויל קריגן אויפ־מערקזאַמע צוהערערס פאַר זיינע רייד און לאַכערס פאַר זיינע טעמפּע, פלאַכע וויצן ; פאַר געלט קאָן יעדערער קריגן פעדערן, טינט, פּאַפּיר, אום צו שרייבן אַלץ, וואָס זיין הארץ געלוסט, און קאָן דאַן קריגן א דרוקער, וואָס זאָל דאָס אַלץ אָפּדרוקן, און זאָגאַר לעזער, וואָס זאָלן דאָס לייענען ; פאַר געלט קאָן זיך יעדער לומפּ פאַרשאַפן דעם טיטל פילאַנטראָפּ, הגם דאָס וואָרט „פילאַנטראָפּ" קומט אַרויס פון די צוויי גריכישע ווערטער — פהילאָס (ליבנד)

*) ראָט־הויז.

**) קאַטאָרגע.

און אַנטראָפּאָס (מענטש), און ער איז ניט דאָס און ניט יענעס; פאַר געלט קאָן זיך אַ מענטש פאַרשאַפן אַ ווערטערבוך, אום צו וויסן פון וואַנען פילאַנטראָפּ קומט אַרויס, אָבגלייך ער (דער מענטש) האָט אַף זיין לעבן ניט געלערנט קיין גריכיש, ווי איך, למשל; פאַר געלט קאָן יעדער טיראַן קריגן שפּיאָנען און שפּור־הינט אום צו פאַרפאָלגן די מענטשן, וועלכע שטייען אויף קעגן אים און קעגן זיין בייזער מאַכט; פאַר געלט קאָן אַ רייכער ענג־לענדער קריגן דעם טיטל באַראָנעט און דערמיט פאַר זיין זון אַ כלה מיט צענדליקער טויזנטער פונטן נדן, מיט וועלכער ער האָט חתונה אום צו לעבן מיט אַנדערע פרויען, אַלמנות, גרושות, אָדער געוויינטלאַכע ווייבער; פאַר געלט קאָן אַ מיסיאָנער קריגן שאַר־לאַטאַנעס, וועלכע לאָזן זיך באַשפּריצן מיט וואַסער און וועלכע ברייגגען געוויינטלאַך דעם זעלנפאַנגער מער געלט, וויפיל ער האָט אויסגעגעבן; פאַר געלט קאָנען די פאָרשטייער פון יעדער געמיינ־דע קריגן לערערס פאַר די אַרבעטער'ר קינדער, וועלכע זאָלן זיי געבן וועלט־געשיכטע, געפּרעגלט אין זיסן און אין זויערן, וועלט־געשיכטע איינגעמאַכט אין רעליגיעזן האָניק, וואָס דערפון ווערן די קינדער גוטע שקלאַפן פאַר די פאָרשטייער, כל־זמן זיי קאָנען אַרבעטן, און דאַן גרולדיקע טורעמניקעס און וואָרקהויז, ווען זיי ווערן אַלט; פאַר געלט קאָן דעם רייכן מאַנ'ס ווייב האָבן תכשיטין, וועלכע זי קאָן טראָגן, פאַרזעצן (אין אַ נויט) און באַנוצן אום צו שטעכן דערמיט דער שכנ'טעס אויגן; פאַר געלט קאָן מען אין אַמעריקאַ, צייטנווייז אפילו אין ענגלאַנד, קריגן שטימען, ווען מען וויל ווערן אַ פירער אין דער מדינה, אום צו קאָנען אַף דעם אופן פירן אַ סך מענטשן פאַר'ן נאָז; פאַר געלט קאָן מען מאַכן קינדער פאַר אָפּיצירן, וועלכע מאָרדן קורץ און שאַרף, פאַר דאָקטוירים, וועלכע מאָרדן זיכער, אָבער לאַנגזאַם, און פאַר אַפּטייקערס, וועל־כע מאָרדן ווי עס מאַכט זיך; פאַר געלט קאָן מען קריגן אַלערליי שיטערע געדיכטן און געדיכטע ליטעראַרישע בלאָטע, געבונדן, פאַר־גולט און געטיטלט, ווי די דיכטער און די שרייבער פון זיי זענען אַליין; פאַר געלט קאָן מען זיך איינקויפן אין פאַרשידענע **חברות**

און דערפון האָבן קרחת מיט אביסעלע כבוד; פאר געלט קאָן מען זיך אויסקויפן פון פליגן, קאמארעס און שנאָרערס אין צילינדער־היט; פאר געלט קאָן מען קריגן א בילעט אף א גוטער פאָרשטע־לונג אין א לאָנדאָנער אידישן טעאטער, אהין גיין, ווען מען איז פארקילט, דאָרטן גוט שוויצן און דאַן אנטוועדער געהיילט ווערן, אָדער קראנק ווערן אף אן אופן; פאר געלט קאָן מען זען צווישן די וואקס־פיגורן בא מאדאם טיוסאד*) אלע קעניגן, פירסטן און גענעראלן און פאר איין עקסטרא סיקספענס פיל פון די געוויינט־לאכע מערדערס.

בקיצור, אלץ קאָן מען האָבן, קריגן, זען און געניסן פאר געלט, חוץ איין זאך, און ארום דער איינער זאך וועלן מיר ריידן אן אנדערס מאָל.

*) פאָפולערער פלאץ אין לאָנדאָן.



## וואָס מען קאָן ניט קריגן פאַר געלט*).

אַ, יאָ, פאַר געלט קאָן מען קריגן אַ סך פאַרשיידענע זאַכן. איך זאָג ניט: אַ סך גוטע זאַכן, מחמת ניט אַלע האָבן דעמזעלביקן באַגריף וועגן גוטסקייט. דאָס, וואָס איינער רופט גוט, איז באַ דעם אַנדערן גאָר נישט, באַ אַ דריטן נאָך ערגער ווי גאָר נישט, געמלאַך — שלעכט. למשל, אַ גוטע פאָר ספּאַקולן וואָלט באַ מיר געהייסן אַ גוטע זאַך, באַ מיין אייניקל גאָר נישט, באַ מיין קאַץ זאָגאַר אַ דומקייט.

נעמט, למשל, ווידער סאָציאַליזם. איך מיין ניט: נעמט סאָציאַליזם, ווייל מיט גוטן וועט מען אייך דאָס ניט געבן. אַרום דעם רייד איך איצטער ניט, הגם איך מיין דאָס אפשר יאָ. איך זאָג נאָר: נעמט, אַלס ביישפּיל, סאָציאַליזם. באַ מיר און באַ אייך, למשל, קומט דאָס אויס אַ גאַנץ גוטע זאַך. און פאַר וואָס טאַקע ניט? אָט האָבן מיר אַ פרייע, זאַטע, געבילדעטע, ברידערלאַכע געזעלשאַפט, וואו יעדער אַרבעט, ווי ווייט ער קאָן, און האָט וויפיל ער באַדאַרף; וואו קיינער האָרעוועט ניט צו־פיל, ווייל אַרבעטן — אַרבעטן אַלע, און וואו קיינער האָט ניט צו־ווייניק, ווייל עס איז דאָ גענוג פאַר אַלעמען; וואו יעדערער טוט און ווירקט פאַר'ן כלל, בעת אַלע זאָרגן פאַר יעדן; וואו מען בעטלט ניט און מען גנב'עט ניט און מען גזל'ט ניט און מען שווינדלט ניט; וואו צבוע־צטוואָ האָט ניט קיין צוועק, און באַטרוג האָט ניט קיין זין, און ליגנס ברייננגען ניט קיין נוצן; וואו עס איז ניטאָ קיין פאַרוואַסערטע מילך, ניט קיין יאַלאָוואַטע פּוטער, ניט קיין געפעלשטע וועלט־געשיכטע און ניט קיין טורמעס פאַר יונגע קינ־

---

*) „אַרבעטער פריינד“, 24טן אויגוסט 1890.

דער, וועלכע מען רופט היינט שולן; וואו דער מאַן הערשט ניט איבער דער ווייב, און די ווייב וואָיעוועט ניט איבער אַ דינסט־מיידל, און די דינסט־מיידל איז זיך ניט נוקם אָן די קינדער און די קינדער וואַקסן ניט אויף, אום אַמאָל אַליין צו הערשן; וואו יעדער אַרבעטער איז אַ מענטש, ווייל יעדער מענטש איז אַן אַר־בעטער, און וואו די האַלב־אונטעריאָכטע, האַלב־איבערהויבענע, די האַלב־פאַראַכטעטע און האַלב־קאָמפּלימענטירטע פרוי ווערט ענד־לאַך אַ מענטש מיט אַלעמען צוגלייך; וואו דער איד האָט ניט מער פיינט דעם קריסט, ווייל דער קריסט איז קיין קריסט ניט מער, ווייל ער פאַרפאָלגט קיינעם ניט מער אין דעם נאָמען פון דעם גאָט פון ליבע, און וואו דער איד, ווידער, ווערט ניט מער באַ־ליידעט, ווייל ער לעבט איצט פון אַרבעט און ניט פון פּראָצענט; וואו עס איז ניטאָ קיין שלי און שלך, קיין האַר און קיין קנעכט, קיין פירער און קיין פאַרפירטער, קיין בלוטזויגער און קיין בלוט־פאַרגיסער; וואו — גענוג! ווער ווייס, וואו איך וועל נאָך פאַרקריכן!

אָט, זאָג איך נאָר, נעמט אַזאַ זאַך, ווי סאָציאַליזם. דאַכט זיך גוט, ניין? דאָס איז אָבער זייער אַ גלייכגילטיקע זאַך פאַר פיל פון מיינע ברידער־פילאָזאָפן און אַ דאָרן אין אויג פאַר אַלע האַבונעס.

ווען איך זאָג, אַז פאַר געלט קאָן מען קריגן אַ סך זאַכן, מיין איך דערמיט ניט גוטע זאַכן. נאָך אַלע מעשות איז, למשל, בויכ־ווייטאָק גאָר קיין גוטע זאַך ניט, דאָס וועלן אייך זאָגן אַלע, חוץ אפשר דאָקטוירים, און איך האָב היינט, טאַקע אין דעם אויגנבליק, ווען איך שרייב, לייבשמערצן, וואָס איך האָב פאַר זיי באַצאָלט אין אַ קוכשאָפּ כשר'ע פינף פענים מיט אַ האַלבס. דאָס, אַלזאָ, האָב איך געקראָגן פאַר געלט.

***

איר ווילט אָבער וויסן, וואָס מען קריגט פאַר געלט ניט. גוט, איך וועל אייך זאָגן.

איר קאָנט פאַר געלט ניט קריגן קיין ליבע. אזוי ווי איר ווייסט, אַז איך בין אַן אַלטער מאַן, וועט איר מיך ניט חושד זיין, אַז איך רייד דאָ ארום פּרויען־ליבע, הגם ארום דעם וואָלט אויך געלוינט זיך צו זאָגן עטלאכע ווערטער. איך רייד דאָ ארום אַן אַנדער סאָרט ליבע, ארום דער ליבע פון איין מענטשן צום אַנדערן און פון אַ סך מענטשן צו איינעם.

די ליבע פון אייערע מיטמענטשן קאָנט איר ניט קויפן פאַר געלט, איך קאָנט זי איבערהויפּט ניט קויפן. איר קאָנט פאַר זיי אַרבעטן, ריידן, שרייבן און טאָן, און קאָנט זיך דערמיט ערווערבן זייער אַכטונג, זייער דאַנקבאַרקייט. אָבער ווען איר ווילט פון זיי ליבע, מוזט איר מער טאָן ווי דאָס אַלעס: איר מוזט זיי ליבן. דער פּרייז פון זייער ליבע צו אייך קאָן נאָר זיין אייער ליבע צו זיי; ביליקער קאָנט איר דאָס ניט קויפן.

ווען איר אַרבעט פאַר אייערע מיטמענטשן, ווען איר רעדט און איר שרייבט און איר טוט און איר זוכט דערביי ניט אַכטונג, ניט באַלוינונג, ניט דאַנקבאַרקייט, זאָנדערן ליבע — דאַן פאָלגט מיך און ווייזט ארויס אמת'ע ליבע פון אייער זייט צו זיי.

מערקט מיינע רייד, יונגע לייט! דאָס וועט צו־נוץ קומען. און געדיינקט אויסערדעם, אַז קינדער, פרויען און פעלקער קאָן מען נארן אין פיל פּרטים, אָבער ניט אין ליבע: זיי פאַרשטייען אפ'ן ערשטן בליק, צי מען ליבט זיי צי ניט.

געדיינקט, וואָס איך זאָג אייך.

## געדיכטע און שיטערע *).

**אויב איר** געדרייגקט, האָב איך אייך מיט עטלאַכע חדשים צו־ריק קלאָר באַוויזן, אז צו זיין קלוג איז ניט גוט; היינט וויל איך אייך באַווייזן, אז צו זיין גוט איז ניט קלוג. און ניט דאָס אַליין. איך וועל אייך צייגן, אז גוטקייט איז שלעכט, חוץ וואָס דאָס איז ניט קלוג... וואָס שאָקלט איר מיט'ן קאָפּ, ליבע לעזער? איר גלויבט ניט? „דער איד איז פּשוט מטורף!" — זאָגט איר.

— „איר זענט נאַראָנים" — ענטפער איך.

— „טאָ באַווייזט דאָס!" — שרייט איר.

— „איך וועל" — זאָג איך און באַווייז אייך אַפּ'ן שטעל. אָט איז מיין באַווייז, שוואַרץ אַף ווייס. לייענט:

איך זאָג אזוי: ווען אַ מענטש, פאַרשטייט איר, איז... האַלט איין! איך מוז אייך פריער זאָגן עפּעס אַן אַנדער זאַך.

***

איך בין נאַר־וואָס אַף אייך האַלב אין כעס געוואָרן, ווען איר האָט צו מיר געזאָגט: טאָ באַווייז דאָס! דאָס איז פון מיר געווען אַ שטיקעלע נאַרישקייט. איינגטלאַך, טוט מיר הנאה פון אייך צו הערן אַזעלכע ווערטער; איך האָב אייך דערפאַר זאָגאַר האָלד, ווען איך איבערלייג מיר די מעשה מיט אַ קאָפּ. מענטשן, וואָס הויבן אָן צו פאַרלאַנגען אַ באַווייז פאַר ווערטער, הויבן אָן צו ווערן... מענטשן, און זייענדיק מענטשן, וועלן זיי שוין אזוי גיך ניט גלויבן אין אַלערליי שוואַרצע פינטעלאַך, סיי אַף שעפּסענע פּאַרמענט, סיי אַף לומפּיק פּאַפּיר. באַ מיר, למשל, איז קיין שום

*) „אַרבעטער פריינד", 28טן נאָוועמבער 1890.

ספק ניטאָ, אז ווען מענטשן וואָלטן געפונען פון מיר אזעלכע ווער־טער ווי „גוטסקייט איז שלעכט“ אויפגעשריבן אף א ספר מיט עט־לאַכע הונדערט יאָר צוריק, וואָלטן זיי דאָס געהאַלטן פאַר תורת־משה און עס וואָלט זיי גאָר אפ'ן רעיון ניט געקומען צו בעטן א באווייז. „גוטסקייט איז שלעכט“ — וואָלטן טויזנטער מענטשן געזונגען מיט א גמרא ניגון — „דאָס איז גאַנץ ריכטיק, והראיה, עס שטייט געשריבן!“ איך רעכן אָבער, אז אַלע צרות און עינוים אין דער וועלט זענען געקומען צו די מענטשן דורך דער אמונה אין שווארצע פינטעלאך. מאָרים ווינטשעווסקי האָט זאָגאר אף דערויף געמאכט א שיר. אָט איז ער:

***

מען גלויבט, אז צוויי מאָל דריי איז זיבן,
אי על פי דין,
אי על פי זין,
כל זמן דאָס שטייט נאָר וואו געשריבן;
און קיין זאך איז ניט איבערטריבן,
און גראָד פון אום,
און גלייך פון קרום
ווערט, ווען עס שטייט אזוי געשריבן.

***

די גאַנצע וועלט געהערט צו דיבן
די שיינע וועלט,
מיט גאָר די געלט
און דאָס איז רעכט: עס שטייט געשריבן,
און דלות בלייבט, איז רק געבליבן,
דער מאַן, וואָס שאַפט
און בלייבט אָן קראַפט;
אז דאָס איז כשר, שטייט געשריבן.

מען הייסט דעם ארבעטער זיך איבן
אין שפּאָרעריי
אין שנאָרעריי,
מען זאָגט: עס שטייט אזוי געשריבן.

*
**

אַט האָט גאָט אדמ'ען פארטריבן
פון פּאראדיז,
די מעשה איז,
אַן אמת, ווייל זי שטייט געשריבן.
און גאָט, ער האָט אונז אויסגעקליבן
צו דינען אים
מיט אונזער שטים
דריי מאָל אַ טאָג, ווי ס'שטייט געשריבן.

*
**

עס טאָר אַ איד זיך ניט פארליבן, ....
ווייל ליבע פּאַסט
פאר דעם, וואָס שפּאַסט
און לאַכט פון אַלץ, וואָס שטייט געשריבן;
וואָס איז באַשערט, ווערט ניט געקליבן,
אַ אידיש קינד,
וואָס ווייכט פון זינד,
ליבט גאָט אַליין, ווי ס'שטייט געשריבן.

*
**

און ווערן דארף אין יאָך געטריבן
אָט ווי דער אָקס
אַן אָרטאָדאָקס,

געפינען קאָנט איר דאָס געשריבן;
דעם קיסר מוז ער פאָלגען, ליבן,
ווייל נאָר אַ ליץ
ברעכט אַ געזעץ,
אַ פרומער היט, וואָס שטייט געשריבן.

***

ווי געפעלט אייך דער שיר'על? מיין אייניקל האָט דערפון גרויס הנאה געהאַט פאַר־אַ־יאָרן חנוכה, ווען ווינטשעווסקי האָט דאָס אונז פאָרגעלעזן. דער אינגל איז אַ גרויסער מבין אף שירים, איבערהויפט אף קופּלעטן.

„קומט דאָס אייך אָן לייכט צו שרייבן געדיכטע" — האָב איך אים געפרעגט. ער האָט געענטפערט:

„ווי זאָל איך אייך זאָגן? ווארט..."

ער האָט גענומען אַ צייטונג און האָט אפ'ן ברעג אויפגעשריבן די פאָלגנדיקע צייל:

„די ליידן פון פאָלק אין געדיכטן באַשרייבן
איז לייכט פאַר אַ מענטשן, וואָס האָט אַ טאַלענט;
צום אומגליק פּאַסירט עס, אַז ווען פון די הענט
אַזאַ מין געדיכט גייט ארויס — דאַן פארבלייבן,
באַם דיכטער אין הארצן די זעלביקע וואונדן,
וואָס ער האָט הארמאָניש אין ווערטער געבונדן".

„איר פארשטייט וואָס איך מיין?" — האָט ווינטשעווסקי געזאָגט.

„אָ, יאָ!" — האָב איך געענטפערט.

## שלעכטע גוטסקייט *).

עס איז געקומען די צייט אייך צו באווייזן, אז גוטסקייט איז שלעכט. דאָס ווייזט אייך, אז ווער עס וואָרט, דערוואָרט זיך, און בא מיר איז קיין שום ספק ניטאָ, אז ווען מיר, אידן, וואָלטן נאָר וואַרטן ווי מען דאַרף, וואָלטן מיר זיך אפילו אַף משיח'ן דערוואַרטן.

און פרעגט מיך ניט, וואָס דאָס הייסט: „וואַרטן ווי מען באדאַרף". ערשטנס, דאַרפט איר וויסן, אז מיט אזעלכע פראַגעס צעשטערט איר מיר די רעיונות און אויב איר וועט אזוי נאָך א האלבע שעה פרעגן קשיות, וועל איך ווידער בלייבן ניט באַווייזן, אז גוטסקייט איז שלעכט. צווייטנס, ווייס יעדערער, וואָס דאַרף קריגן א גמילת־חסד פון דער היגער באָרד אָף גאַרדיענס**); יעדערער, וועלכער שפּילט אין דער לייפּציקער לאָטעריי; יעדערער, וואָס אים קומט פון מיר געלט; יעדערער, וואָס האָט א טאָטן א קעניג, וועלכער וויל ניט שטאַרבן; יעדערער, וועלכער גייט אין א גרויסן לאָנדאָנער טעאַטער אַף דער גאַלעריע; יעדערער, וואָס האָט א ידיעה פון פּרייסישער פרייהייט, פון כינעזישן פּראָגרעס און פון... איך ווייס אליין ניט פון וואָס; יעדערער, וועלכער הויבט אָן זיך אַרומצופירן אין לאָנדאָן מיט א מיידל און טראַכט אַרום חתונה האָבן; יעדערער, וועלכער לייענט א גוטן ראָמאַן שטיקלאַכווייז אין א אידישער צייטונג; יעדערער, וועלכער וויל פּטור ווערן פון טיראַני און קלערט, אז דאָס קומט מיט דער צייט דורך מחלוקות „צווישן זיך"; יעדערער, וועלכער האָט

---

*) אַרבעטער פריינד", 12טן דעצעמבער 1890.

**) דאָס שטאָטישע צדקה־הויז.

זיך פאַרגענומען צו זען דעם סוף פון קנאה־שנאה צווישן די ליב־האָבער פון ברידערלאַכקייט; יעדערער, זאָג איך אייך, וועלכער האָט אַ באַגריף פון איינע פון אָט־די אַלע זאַכן, — ווייס אַליין גאַנץ גוט, וואָס „ווארטן ווי מען דארף" האָט צו באַדייטן.

אָט איך, למשל, קאָן ווארטן ווי מען דארף. איך קאָן אָנהויבן צו לייענען אַ לאַנגווייליקן בוך און לייענען און מישן אַ בלאַט נאָך אַ בלאַט און דערביי ווארטן אפן סוף, בשעת מעשה פילאָזאָפירנ־דיק ארום פרייווויליקע, אַף זיך אַליין ארויפגעשלעפטע ליידן, ארום דעם געפּלאַצטן גערולד פון יחידים און ארום דעם גערולד פון דעם גאַנצן כלל, וועלכער שיינט צו זיין באַשלאָגן מיט שרעקלאַך דיקע, כפול־שמונה,דיקע אייזערנע רייפן, וואָס קיין שוואַרץ־יאָר ברייננט זיי פאַרלויפיק ניט צום פּלאַצן. יאָ, איך לייען, איך קוק אַפ'ן זייגער, און צי זיך, און גענעץ, און ווארט גערולדיק אַפן סוף, געגוי ווי דער קאָטצקער רבי אַפ'ן קץ, אָדער ווי מיין אייניקל אַף מיין קומען אהיים, ווען ער קלערט, אז איך דארף אים ברייננגען אַן עפּל.

ווארטן ווי מען דארף קען ניט יעדער, אָבער וואָס דאָס באַ־דייט, האָט איר אַלע געדארפט גוט פארשטיין, כאָטש איר זייט ניט קיין טייטשן. וואָס וואָלט איך זיך געהאַט צו מאַטערן און צו שרייבן אַף די אַלטע יאָרן, ווען איר וואָלט ניט געווען אזעלכע גאָט־פארדאַמטע ווארטערס? וואָס, פרעג איך נאָך אַמאָל... האַלט, ווער פּורקעט מיר דאָ אין 'זייט? ברוך הבא! ער איז דאָ — מיין אייניקל! וואָס ווילסטו?

„איידער דו פארקריכסט אין האַצע־פּלאַצע, זאָג מיר, זיידע־לעבן, מיט וואָס קען גוטסקייט זיין שלעכט?"

— משמעות דיר דרייט אויך דער מוח וועגן דעם! גוט־זשע הער! עס זענען דאָ אין דער וועלט מיליאָנען און מיליאַסן אר־בעטער, וואָס פינסטערן אָפּ זייערע יאָרן ארבעטנדיק, און האָבן פון זייער גאַנצן לעבן די איינציקע נחמה, וואָס עס דויערט ניט לאַנג, מחמת זיי שטארבן געוויינלאַך פאַר דער צייט. מיינסטו די אַלע מיליאָנען מענטשן וואָלטן ניט לאַנג שוין געמאַכט יד־אחת קעגן זייערע רויבער און אונטערדריקער, ווען זיי וואָלטן ניט געווען

אזוי פארפלוכט גוט? צוצוזען ווי מען גיסט זייער בלוט, ווי מען זויגט זייער בלוט, ווי מען באָדט זיך אין זייער בלוט, ווי מען פארבט די ערד מיט זייער בלוט — דאָס אַלעס קומט זיי פאַר נאַ־טירלאך. לאָז מען זיי אָבער זאָגן. דאָרטן און דאָרטן איז א יושר צו עפענען אַן אָדער, ווייל... נו, דו פארשטייסט דאָך, וואָס איך מיין, — לאָז מען דאָס זאָגן, מאכן זיי גלייך א „הנני העני ממעש“*) — פנים און זאָגן: צו שפיכת־דמים האָבן מיר קיין הארץ ניט, דערצו זענען מיר צו גוט, מיר ווען פאַרלויפיק ווארפן גאלקעס. זעסטו ניט, מיין אייניקל, אז זייער גוטסקייט איז דער גרונט פון דעם, וואָס זיי איז שלעכט? און דאָס אליין. די גוטס־קייט זייערע איז נאריש אויך, מחמת שטארק און מעכטיק ווי די רייפן ארום זייער געדולד זענען (און זענען שטארק, ווייל זיי קומען ארויס פון די גיסעריי פון כריסטוס, פאָולוס אונד קאָמפּ.) שטארק, זאָג איך, ווי זיי זענען, וועלן זיי דאָך אמאָל פּלאצן, און דאַן וועט מען פאָרט מוזן עפענען ערגעץ וואו אַן אָדער, מעג זיך דאָס פאָלק זיין אזוי גוט.

אָ, ווען איך וואָלט היינט געשטאַנען, ווי אמאָל די לויים אפן בארג עיבל, וואָלט איך געשאָלטן אָט־די דרייפאכע קללה.

א פלוך אף די גוטסקייט!

א פלוך אף די פרומקייט!

א פלוך אף די געדולד!

און איך וואָלט ניט געלאָזן ענטפערן אָמן אנדערש ווי מיט די הענט.

---

*) א וויינענדיקע תפלה פון ימים נוראים.

# אינהאַלט: איך *).

מיט מיין געלעכטער און געוויין:
איך בין ניט לוסטיק, ווען איך לאַך,
איך טרויער ניט, בשעת איך וויין.
עס איז א וואונדערבארע זאך

אַט־די פיר שורות זענען דער אַנהויב פון א ניט־דערקאַנטשעטן געדיכט, וועלכעס איך וואָלט געוויס געמאכט נאָך מיט עטלאכע חדשים צוריק, ווען איך וואָלט נאָר געקענט. אָ, וואו נעמט מען דעם כוח אלעס אויסצודריקן קורץ און שארף אין שיינע, קלינגענדיקע גראמען? קיינמאָל האָב איך אזוי ניט געפילט, ווי שלעכט עס איז ניט צו זיין קיין דיכטער, ווי איך פיל דאָס היינט.

היינט, דארפט איר וויסן, האָב איך בדעה צו ריידן ארום זייער א וויכטיקן, ארום א העכסט אינטערעסאנטן ענין, נעמליך, ארום מיין אייגענע פילאָזאָפיע. מיר ווילן זיך צוערשט אַליין בערגיין און נאָכדעם דערקלערן ווי אזוי דאָס קומט, אז —
איך בין ניט לוסטיק, ווען איך לאַך,
און טרויער ניט, בשעת איך וויין, —
און אַט־דאָס וואָלט זיך מיר מורא'דיק געוואָלט ארייננפאסן אין שיינע, געטאָקטע פראזן, אָבער... לײדער גייט עס ניט, — ווי ביסמארק האָט געזאָגט, בשעת ער האָט פרובירט אונטערקויפן פערדינאנד לאסאלן... האלט, מיר גייט אויף א ליכט!

---

*) „אַרבעטער פריינד“, 26טן דעצעמבער 1890.

אין דער וועלט זענען אַמאָל געווען צוויי פילאָזאָפן.

איינער פון זיי האָט געלעבט, געדיינק איך, מיט אַ יאָר צוויי טויזנט דריי הונדערט צוריק, אין דער צייט פון דער בית־שני. ער האָט געהייסן דעמאָקריטאָס און האָט געהאַט אַ טבע אָפּצולאַכן פון אַלע מענטשלאַכע נאַרישקייטן. די וועלט האָט אים גערופן: „דער לאַכעדיקער פילאָזאָף“. איך וויים ניט אַף קלאָר, וואָס פון דעם מאַן איז געוואָרן, נאָר איך רעכן, אַז ער מוז זיין טויט.

דער אַנדער פילאָזאָף, וועלכער האָט געהייסן הערואַקליטאָס דער דונקעלער (דער דונקעלער, — מחמת ער פלעגט ריידן אונ־פארשטענדלאַך, אַ שטייגער ווי ער וואָלט געווען אַ רמב״ם, דער מחבר פון דעם מורה נבוכים, אָדער אַ העגעל, אָדער אַ חסידישער רבי, אָדער יונה באָלבעטון, דער מינסקער זאָגער). איז דער הע־ראַקליטאָס האָט, פאַרקערט, געהאַט די געוואוינהייט צו באַקלאָגן און צו באַדויערן די מענטשלאַכע דומהייט און די מענטשלאַכע אומגערעכטיקייט. דערפאַר האָט אים דער עולם געגעבן נאָך אַ צונאָמען, נעמליך: „דער וויינענדיקער פילאָזאָף“.

איז ניט אַ סברה, אַז איך בין אַ גלגול פון יענע ביידע פילאָ־זאָפן? איז ניט אפשר דאָס די ערקלערונג דערפון, וואָס איך לאַך מיט טרערן אין די אויגן און וואָס איך וויין מיט אַ שמייכל אַף די ליפּן?

קען זיין.

קינדער, גיט אַקוק! אָט זענען דאָ אַרום אייך טויזנטער און צענדליק־טויזנטער מענטשן, וועלכע באַקן אויס אַ גרויסן לאַבן ברויט און קריגן אַליין דערפון העכסטנס די ברעקלאַך, וואָס בלייבן איבער אַפן טיש; מענטשן, וועלכע וואוינען ניט, וואו זיי בויען, וועלכע עסן ניט, וואָס זיי קאָכן, וועלכע טרינקען ניט, וואָס זיי ברויען, וועלכע טראָגן ניט, וואָס זיי נייען, וועלכע לעזן ניט, וואָס זיי דרוקן, וועלכע געניסן ניט די אַלע פאַרגעניגן, וואָס זיי אַליין גרייטן צו מיט זייערע אייגענע הענט.

אָט זע איך ווידער מענטשן, וועלכע האָבן אַלצדינג אָוועקגע־געבן און באַקלאָגן זיך, אַז פאַר זיי איז גאָרניט געבליבן; וועלכע

האָבן זיך געלאָזן אָנטאָן אַ דוהע אַפן האַלז און שרייען, אַז זיי ברעכט דער קאַרק: וועלכע בונטעווען זיך פאַר אַ שילינג אַ וואָך מער לוין, ווען פאַר דעם זעלביקן בונטעווען זיך (נאָר אַביסעלע בע־סער אָרגאַניזירט) וואָלטן זיי געקענט האָבן ניט אַ שילינג מער לוין, ניט אַ שטונדע ווייניקער אַרבעט, ניט אַן אונגעשטערטן יוניאָן, ניט עטוואָס אַ בעסערע שטוב, וואו צו אַרבעטן, נאָר אַ פּלאַץ צו דער אַרבעט, אַ פאַראייניקטע מענטשהייט, פינף שטונדן ווייניקער האָ־רעוואַניע און די פולע גאַנצע פרוכט דערפון. דאָס, ווייס איך. דערווייל זע איך זיי אָבער אַרום זיך, שטייענדיק און ציטערנדיק פאַר קעלט, אָן שפּייז אין מאָגן, די קאָפּ פול מיט דאגות, שטייענ־דיק און יאָמערנדיק איבער זייערע ווייבער, וואָס ווערן אַלט פאַר דער צייט, איבער זייערע זין אין די פאַבריקן, אָדער אָן אַרבעט און זייערע טעכטער אַפן גאַס באַנאַכט. זיי יאָמערן און קלאָגן און וויינען.

איך קלאָג מיט. אָבער זייענדיק אַ גלגול פון העראַקליט, ווייז איך און בין ניט טרויעריק. איך בין ניט טרויעריק, ווייל איך ווייס — איך זאָג ניט: ווייל איך גלויב, האָף, קלער, איך זאָג: ווייל איך ווייס, — אַז זיי וועלן ניט אייביק וויינען. איין שיינעם פרי־מאָרגן וועט זייער לאַגע ווערן אונערטרעגלאַך און זיי וועלן צע־רייסן אַף זיך די דרייפאַך געפלאָכטענע שטריק פון נויט, יאָך און בעטרוג, וועלכע דאָס געלט, די הערשאַפט און די אמונה האָבן אַזוי קינסטלאַך פאַר זיי געפלאָכטן.

איך קלאָג מיט, ווייל זייער געשריי פאַרנעמט מיר פאַרן הארצן, אָבער איך בין ניט טרויעריק. אָ, ניין!

*
**

קינדער, גיט אַ קוק! אָט זענען דאָ אַרום מיר הונדערטער יונגע, בראַווע מענטשן. זיי פאַרשטייען דאָס, וואָס איך פאַרשטיי, און זיי גייען צווישן די מאַסן און קינדיקן אָן די גאולה און בערייטן פאַר דאָס פאָלק צום גרויסן טאָג: איצט אָבער פאַרזאַמלען זיי זיך און דאָ ווייזט זיך אַרויס, אַז פילע פון זיי פרעדיגן פרייהייט,

אָבער אונטער זיך אונטערדריקן זיי איינער דעם אַנדערן; אַז זיי פרעדיקן גלייכהייט און צווישן זיי ווילן מאַנכע פון זיי זיין מער און גרעסער ווי די אַנדערע; אַז פרעדיקנדיק ברידערלאַכקייט, זענען זיי זיך איינער דעם אַנדערן בלוט־שונאים; אַז זיי ריידן ארום טאָלעראַנץ און דולדן ניט איינער דעם אַנדערן, — איבער־הויפט ווען דער אַנדערער איז ניט אַ חברה־מאַן פון זייער קלייזל; אַז זיי פרעדיקן זעלבסט־שטענדיקעם דיינקען און ווילן, אַז אַלע זאָלן אין יעדן פרט דיינקען פונקט ווי זיי; זיי זענען קעגן אויטאָריטעטן און ווילן, אַז יעדער פון זיי זאָל גילטן פאַר אַ שטיקל האָן; זיי פאַראַכטן הערשער און אַנדערע פון זיי ווילן דאָך פירן די גרענדע; זיי קומען צוזאַמען אויסצוטוישן מיינונגען און בייטן אוים דייטשע שימפּף־ווערטער אויף אידישע זלזולים.

אָ, דאָס איז לעכערלאַך! איך ווייס — בין דאָך ניט אומ־זיסט אַ פילאָזאָף — איך ווייס, אַלזאָ, אַז דאָס איז ניט אַזוי גע־פערלאַך, ווי מען מיינט, אפשר אויך ניט אַזוי שוואַרץ, ווי איך אליין מאָל דאָס אוים; איך ווייס, אַז דאָס שלאָגן זיך אַמאָל די סאָלדאַטן, ווייל זיי איז לאַנגווייליק צו וואַרטן אפן שונא; איך ווייס, אַז מענטשן וואָס זענען דערצויגן געוואָרן אונטער רוט, אונטער די הערשאַפט פון טאַטעס, רביים, קוואַרטאַלניקעס און אַנדערע אויטאָריטעטן, קענען ניט מיטאַמאָל ווערן דאָס, וואָס זיי האָבן געזאָלט זיין; איך ווייס, אַז זיי אַליין וועלן ווערן אַנדערש, ווען די פאַרהעלטעניש וועלן זיך פאַרענדערן. איך ווייס דאָס אַלץ זייער גוט, אָבער עס איז פאָרט אומגעהויער לעכערלאַך דאָס אַלעס צוצוזען. וואָס־זשע טו איך?

איך טו ווי דעמאָקריטאָס: איך לאַך, אָבער איך בין ניט לוסטיק. אָ, ניין!

„עס איז אַ קלאָרע, פּראָסטע זאַך
מיט מיין געלעכטער און געוויין:
איך מוז זיין טרויעריק, ווען איך לאַך,
איך מוז אויך שמייכלען, ווען איך וויין“.

# היינט איז מיר גוט *).

אוים מרה־שחורה! נויט, הונגער, צרות — ארויס, ארויס, ארויס, ארויס פון מיין קאפ! היינט ווילט זיך מיר לוסטיק דער־קאנטשן א לוסטיקן טאג; היינט איז בא מיר א יום־השמחה, א יום־טוב, היינט איז מיר גוט אפן הארצן און איך וויל, אז די גאנצע וועלט זאל דאס וויסן; היינט וויל איך לאכן, לאכן הויך אפן קול, אזוי הויך, אז אלע זאלן דאס הערן; היינט, יא... ווי זאגט יענער?

וועז איך באהאלט ניט מיינע טרערן
ווארום זאל איך מיין פרייד באהאלטן?
אט לאך איך — אלע מעגן הערן!
אט לאך איך — ווער קען מיר פארווערן?
אליין וועל איך מיין הארץ פארוואלטן,
פריי איבער די געפילן שאלטן,
כל־זמן איך וועל צו זיך געהערן,
כל־זמן איך וועל אוים־מענטש ניט ווערן.

דאס זאגט יענער, נאר... מחשבות'ן! ווער איז יענער? נו, וואס מאכט דאס אוים? לאז ער זיך זיין ווער ער וויל. היינט טראכט איך ניט, היינט קלער איך ניט, היינט פילאזאפיר איך ניט, היינט איז מיר גוט אפן הארצן און איך האלט אין איין פרייען זיך. פונדעסטוועגן... א, מיין קעצישער זכרון! ווער האט די פערזן פארט געמאכט? א פאגאנער נאטור אביסל רק צו וועלן וויסן, ווער האט געזאגט און ווער האט געמאכט. אט־דאס האט מיר פארביטערט מיין גאנצן לעבן און איך זע קלאר ווי דעם טאג, אז מיין אייניקל שניידט זיך אויך אף דעם זעלביקן שניט.

---

*) „ארבעטער פריינד“, 13טן פעברואר 1891

מיט יאָרן צוריק גערדיינק איך, האָב איך איין שמחת־תורה געלייענט האזינו, און אזוי ווי איך האָב פון קינדרווייז אויף אייביק האָלט געהאט פּאָעזיע, האָב איך דערפון גרוים הנאה געהאט. איך האָב דורכגעלייענט משה'ס וואונדערבארן געזאַנג איינמאָל, צוויי מאָל און האָב געקליבן נחת. פּלוצלונג איז מיר ארויפגעקומען אפן רעיון אזא מין שאלה: ווער ווייס, צו דאָס האָט ווירקלאך משה געשריבן? משה האָט זיך אויפגעהאַלטן אין דער וועלט אַן ערך פון 3300 יאָר צוריק און מען ווייס, אז צו יענער צייט זענען נאָך אין יענע מקומות קיין אותיות ניט געווען, ווייל דער היי, דער אלף, דער זיין, דער יוד, דער נון און דער ואו פון האזינו און די איבריקע אותיות זענען ערפונדן געוואָרן פון די פעניציער מיט עטלאכע הונדערט יאָר שפּעטער, און ביז דאַן איז נאָך נאָר קיין אלף־בית ניט געווען, וואָס דערפאַר האָבן די מצריים געשריבן מיט בילדער און די בינעזער מיט גאַנצע ווערטער (ווי זיי שרייבן נאָך ביז היינטיקן טאָג) און די איבריקע פעלקער האָבן געטאָן וואָס רייכע ישוב'ניקעס טוען אין דער ליטא, דאָס הייסט זיי האָבן גאָר ניט געשריבן. טאָ ווי אזוי האָט משה געקענט זיין דער שרייבער פון האזינו, ווי אידן גלויבן, און אויב ניט ער, טאָ ווער דען האָט עס געשריבן? ווער? אָט־דער „ווער" האָט מיר צעשטערט די גאַנצע שמחה דאמאָלסט און איך האָב אף מיין לעבן ניט צוגעבראַכט קיין אומעטיקערן תשעה־באב, ווי יענעם שמחת־תורה.

אָבער די נארישקייט טו איך נאָכאמאָל ניט און יעדנפאַלס ניט היינט. היינט פרעג איך ניט קיין קשיות. היינט קענט איר מיר קומען און דערציילן, וואָס איר ווילט און איך וועל אייך שיקן אין אלדי־גוטע־יאָר און וועל נעמען אַ גוטן שמעק טאַבאַק און וועל ווידער זיין פריילאך און גליקלאך. קיין זאַך וועט מיין שמחה ניט שטערן. ניין, קיין שום זאַך וועט מיר היינט ניט פארשטערן מיין שמחה! איר מעגט קומען און מיר דערציילן, אז אַ יונגער סאָציאַליסט האָט זיך פארליבט אין די אַלטע „קווין"*); אז אַ

*) די ענגלישע קעניגן

גרויסער פרייהייט־קעמפער איז געוואָרן אַ קליינער טיראַן; אַז אַ רויטער רעוואָלוציאָנער איז געוואָרן אַ געלער רמאַי; אַז אַ גרינער איד איז געוואָרן אַ שווארצער גייסטליכער, אַ מיסיאָנער; אַז אַ פייערדיקער פּראָפּאַגאַנדיסט איז געוואָרן אַ וואסערדיקער געלט־שרייבער; אַז אַ מאַן, וועלכער האָט זיך געהאַט געשיינקט דער פרייהייט, האָט זיך פארקויפט צום אונטערדרדיקער; אַז אַן אונטעריאָכטער שוויצער איז געוואָרן אַן אונטעריאָכנדער סוועטער; אַז אַ פאָלקס־אויפקלערער איז געוואָרן אַ פאָלקס־פארבלענדער; אַז אַ פירער פון ארבעטער איז געוואָרן אַ פארפירער — קומט און דערציילט מיר די אלע מעשיות, וועל איך דערלאַנגען אַ מבול'דיקן שפּיי, וועל אַ געשריי טאָן: האָב דעם פארפירער דעם פארבלענ־דער, דעם סוועטער, דעם אונטערדרדיקער, דעם שרייבער, דעם מי־סיאָנער, דעם רמאַי, דעם קליינעם טיראַן, דעם פארליבטן סאָציאַ־ליסט, — האָב זיי אלעמען איין גרויסער כפול־שמונה'דיקער שווארצער, פינסטערער יאָר, היינט ליגן זיי מיר אלע ניט אפילו אין די לינקע פּיאַטע, היינט וויל איך לוסטיק זיין, היינט לאָז איך מיר ניט שטערן.

און אָ, ווי גוט מיר איז! אַזוי גוט איז ניט געווען אדמ'ען איידער דער שלאַנג האָט אים איינגעגעבן שכל; אַזוי גוט איז ניט געווען נח'ן, בעת ער האָט זיך איינגעשכור'ט און האָט זיך געוואל־גערט אין בלאָטע (נאָכן מבול, רעכן איך, האָט געמוזט זיין זייער בלאָטיק), איידער מען האָט אים אָפּגעניכטערט; אַזוי גוט איז ניט געווען אברהם אבינו, בעת פּרעה האָט אים צוריק אָפּגעשיקט זיין פלונית'טע; אַזוי גוט איז ניט געווען יוספ'ן בעת ער האָט זיך גערייצט מיט די ברידער; אַזוי גוט איז ניט געווען דוד'ן ווען ער האָט געקראָגן צו וויסן, אַז זיין ווייב'ס מאַן (אוריה) איז גע־הרג'עט געוואָרן אין דער מלחמה, ווי „זיין קעניגלאכע מאַיעסטעט האָט גערוט צו באַפעלן"; אַזוי גוט איז ניט געווען חזקיה המלך, ווען מען האָט צוליב אים געמאַכט, אַז די זון זאָל צוריקגיין גאַנצע צען שעה, וואָס דאָס איז געווען אַ נס בתוך נס, מחמת די היינטיקע זוילן האָבן, אַז ניט נאָר די זון קען ניט צוריקגיין, אַז זי גייט אי־

בערהויפּט ניט, אשטייגער ווי אַ טויטער בית־דין־שמש, למשל; אזוי גוט איז ניט געווען — אין אונזערע צייטן — דעם קליינעם טהיער (לייענט דאָס ניט טייער, כאָטש ער האָט אונז גענוג גע־קאָסט, לייענט דאָס ניט טהיר — אַ חיה — כאָטש ער איז דאָס געווען, לייענט דאָס ט־יער, ווי ער האָט געהייסן.) נאָכאמאָל, אזוי גוט זאָג איך איז ניט געווען טיער'ן אין די בלוטיקע מאַי־וואָך*), אזוי גוט איז ניט געווען דעם קנוט האַלטער פון רוסלאַנד דעם טאָג וואָס טשערנישעווסקי איז געשטאָרבן**); אזוי גוט איז ניט געווען די ענגלישע קאָנסערוואַטיוון, ווען עס איז באַקאַנט געוואָרן, אז פּאַרנעל האָט זיך באַנאַרעשט***); אזוי גוט איז מיר אַליין ניט געווען, צייט איך האָב אויפגעהערט צו עסן טעג. וואָס דאָס איז שוין אַ צייט מיט יאָרן.

אָ, מיר איז הײַנט גוט, אזוי גוט, אז מיר ווילט זיך מער ניט שרייבן. —

---

*) די שחיטה אַף די קאָמונאַרן, דורכגעפירט פון דער בורזשו־אַזיע אונטער טיער'ס פירערשאַפט, נאָך איר זיג איבער דער פּאַריזער קאָמונע, אין מאַי 1871.

**) דער רוסישער רעוואָלוציאָנער ניקאָלאַי טשערנישעווסקי (1828—1889) איז געווען פאַרהאַסט באַ די צאַרן באַזונדער פאַר זיין סאָציאַלער אוטאָפּיע „וואָס טוט מען?“ (איבערזעצט אויך אין אידיש), וואָס האָט אַ סך מיטגעהאָלפן צו רעוואָלוציאָניזירן די רוסישע אינ־טעליגענטע יוגנט.

***) פּאַרנעל (1846—1891), אירלענדישער נאַציאָנאַליסטישער פי־רער, פאַרלירט אין 1890 זיין פירערשאַפט צוליב זיין ליבע צו אַ פאַרהייראַטע פרוי.

## צו ווייזן וואָס דער נעקסטער וועט זיין *)

מיין אייניקל וועט מיך נאָכאַמאָל פאַרפירן אין שמד אריין.
צו ער ווערט אַלץ שטאַרקער, אָדער איך ווער אַלץ שוואַכער — דאָס קען איך אייך ניט זאָגן, איך ווייס נאָר אַזוי פיל, אַז ער פירט בא מיר אַלץ אויס. אָט האָט זיך אים איינגעפאַלן מיטאַמאָל פאַרגלוסט צו גיין אין צירק אריין און — ווי איר זעט מיך א לעבעדיקן! — איך האָב געמוזט מיט אים מיטגיין.

איך אין א צירק! ניט שלעכט, כ'לעבן! איין גוטן שפּרייז און איך בין טאַקע אין שמד — אַן אַלטער גוי, מיט א שטיק סאָדלע אין מויל, מיט א צלם אפן האַרצן, אַף די קני אין א קירך! מיט דריי טעג צוריק וואָלט איך געגלייבט, אַז איך פּאַס אַזוי אין א צירק, ווי... ווי זאָל איך אייך זאָגן? ווי א... ווי א פרישע רעזעדע־בלום אין אַן אַלטע סליחה; ווי אַן ערלאַכער מאַן אין א רעוועערענד'ס**) ראָק; ווי א ניקאָלאַיעווסקער סאָלדאַט אין אַן אַריסטאָקראַטישן מאַסקן־באַל; ווי אַן אַלטע, שוואַרצע אידענע אין אַן אויסגעבלייזטע קלייד, ווי א שטויבצער תשעה־באב אין פּאַריז; ווי א „גוט־מאָרגן" אין א לאָנדאָנער פּאָג; ווי די ווערטער: פרייהייט, גלייכהייט און ברידערלאַכקייט אַף די פראַנצויזישע טורמעס; ווי א געגאָלטע מאָרדע אין א ראַבינערס צורה; ווי די וואַרהייט אין פּליט־סטריט, פון וואַנען די צייטונגען קומען; ווי א גוטער וויץ בא א נאַרן אין מויל; ווי די גראַמען אין מאַנכע פון אונזערע שירים; ווי אַן אָרימאַנס א קינד אין אַן ענגלישע אוניווערזיטעט; ווי מענטשנליבע אין א לאָנדאָנער האָספּי־

*) „אַרבעטער פריינד", 3טן אַפּריל 1891.
**) גייסטלאַכנ'ס.

טאָל; ווי פרישע לופט אין אַ בערדיטשעווער בית־המדרש; ווי גוטע עברי אין ווייבערשע שולן אין דער ליטא און אין מאנסבילשע שולן אין ענגלאַנד; ווי... פּאַרוויי'ט און פּאַרוויי'ט זאָל דאָס ווערן! הויב איך אָן, הער איך ניט אויף! איך האָב שיער ניט פאַרגעסן אָן צירק און אָן אַלעס־מיט־אַן־אַנדער דורך די משלים. אַ גלייכעניש איז גוט. די נביאים האָבן גערעדט בדרך משל, האָ־מער (להבדיל) איז געווען אַ מאדים אַף גלייכענישן, יעזוס קריסטוס און דער קעלמער מגיד — אויך. אָבער זיי האָבן געוואוסט אַ מאָס. איך האָב עפּעס אַזאַ מין קליפּה אין זיך, אַז איך דאַרף נאָר זאָגן איין מאָל „ווי" און דאָס קאָסט מיר שוין אַ גאַנצע פּעני טינט. ווער ווייס, צו וועל איך זיך ווען עס איז דערפון אָפּגעוואוי־נען, אָדער איך וועל שוין טאַקע אַזוי ווי'ענען ביז מען וועט מיר ארויפלייגן שערבלאַך אַף די אויגן?



בדיעבד, טוט מיר הנאה, וואָס איך בין געווען אין צירק. אַ מענטש, וואָס איז אַ שטיקעלע פילאָזאָף, דאַרף אומעטום זיין און אַלצדינג זען. דאַרף אומעטום זיין, אַפילו אין טורמע און ווען ער קען אהין ניט אריינקומען פאַר עפּעס רעכטס, ווי, למשל, פאַר אַן אַנשטענדיקע גנבה, פאַר אַ געמאַכטע הבדלה, זייענדיק גוט פאַר־זיכערט, פאַר האָבן דריי־פיר ווייבער אין דריי־פיר מקומות, פאַר וועלן עסן און בעטן, אָדער נעמען, — דאַרף ער לכל הפחות זען צו באַליידיקן אַ פּאָליציייסקן, אָדער שטערן ערגעץ־וואו אַ קרעמערס אַ וואָגן דורך אַ סאָציאַליסטישן פאַרטראַג, אָדער טאָן אַנאַנדער זאַך, וואָס איז פאַרבאָטן אין פרייע לענדער, און זען, אַז מען זאָל אים אריינזעצן אַף דעם אופן. זיין אין טורמע מוז ער, דאַרף ער — ער דאַרף מוזן און מוז דאַרפן — מחמת אַניט וועט ער אייביק ריידן ארום טורמעס (און ארום וואָס רעדט אַ פילאָזאָף ניט?) און וועט קיינמאָל ניט וויסן אַף קלאָר, וואָס אַ טורמע איז. יאָ, ער דאַרף זיין אומעטום, אַפילו אין טורמע און אויב ער איז אַ מהדר,

דאַרף ער זיין אפילו אין אַ וואָרק־הויז, איבערהויפּט אין דעם פֿאַל, ויען ער איז אַ רייכער פֿילאָזאָף. און גראַדע אַזוי ווי ער דאַרף אומעטום זיין, אַזוי דאַרף ער אויך אַלצדינג זען; אין דעם איז בא מיר קיין שום ספק ניטאָ. ער דאַרף זען, ווי מען איז נושא־פּנים אַלטע אביונים אין צדקה־חברות; ווי מען פֿלאַנצט תורה אין דעם היגן הקדש; ווי דאָקטוירים באַהאַנדלען קראַנקע אין אַ ביקור־חולים; ווי מגידים גנב'ענען דרשות און דיכטער — פּראָזן; ווי זשוליקעס־אַדוואָקאַטן ווערן ריכטער און טיילן אויס צרות די אָרימע זשוליקעס, וואָס זענען ניט אַדוואָקאַטן; ווי פֿרו־מע אידן בלייבן שולדיק געלט פֿאַר קדושה און פֿאַרטועֿן דאָס אין טומאה; ווי די ברידערלאַכקייט פֿון מאַנכע סאָציאַליסטן איז געבויט אויף קין'ס מאָדעל; בקיצור, ער דאַרף אַלץ זען, אַניט איז ער אפילו קיין שטיקעלע, פּיצעלע, מאָנעלע, ברעקעלע פֿילאָזאָף ניט און קען ניט זיין, און וועט ניט זיין!

***

אַ יאָ! בדיעבד טוט מיר הנאה, וואָס איך בין געווען אין צירק. (טאָמער געפֿינט זיך אונטער מיינע לעזער אַן ענגלישער רב אָדער אַ חזן, וועלכער פֿאַרשטייט געווים ניט וואָס בדיעבד באַ־טייט, מעג איך אים, פֿאַרבייגייענדיק, זאָגן, אַז דאָס הייסט: ווי עס האָט זיך געמאַכט. פֿאַר איין גאַנג, מעג איך אָט־דעם קלאָס לעזער זאָגן נאָך אַ זאַך: איך האַלט אַ צעטל אין די לייפּציגער לאָטעריע און אַזוי גיך, ווי איך געווין דעם גרויסן געווינס, לאָז איך איבערדרוקן אַלע מיינע פֿילאָזאָפֿישע שריפֿטן אויף גרויסע אותיות מיט נקודות, בכדי אַז אפילו חזנים און שוחטים זאָלן קע־נען פֿאַרשטיין די לשון־קודש'דיקע ווערטער. בעט־זשע גאָט, אַז איך זאָל טאַקע געווינען!)

וואו האַלט איך? יאָ... מיר טוט הנאה, וואָס איך בין דאָרטן געווען. ערשטנס, מחמת אַ מענטש, ווי איך האָב אייך שוין גע־זאָגט, דאַרף אַלץ זען און, צווייטנס, ווייל אַ צירק האָט אין זיך אַ

סך זאכן, וואָס איז ווערט צו באטראכטן. איך רייד שוין ניט דער־פון, וואָס איר זעט דאָרטן מענטשן, וועלכע ברעכן זיך, וואָס דאָס איז אַן אָבוועקסלונג פאר איינעם, וואָס אזוי זעט ער רק ג ע ־ ב ר אָ כ ע נ ע מענטשן. איך רייד שוין ניט פון די וואונדער־בארע רייטערס וועלכע שטייען, שפרינגען, טאנצן און טרעטן אף לויפנדיקע פערד זיכערער, ווי איך גיי און שטיי אפן ברוק אין גאס נאָך אַ פּאָר טעג רעגן ערגעץ וואו אין ווייטשעפעל*). דאָס איז טאקע אַן אָפּוועקסלונג פאר איינעם, וואָס איז געוואוינט צו זען דעם היפוך, נעמליך, ווי לויפנדיקע, שפרינגעדיקע פערד טראמפלען אף דעם רוקן פון מענטשן. איך רייד שוין ניט פון די מענטשן וועלכע גייען זיך דאָרטן ארום אף אַנגעצויגענע שטריק און באלאנסירן זיך ארום אין דער לופט, וואָס דאָס איז אינטע־רעסאַנטער צו באטראכטן, ווי צו זען אַ אידישן צבועאַק, וואָס באַ־לאַנסירט זיך אף דעם זעלביקן אופן צווישן פרומאקעס און סאָ־ציאַליסטן, אָבער ניט אזוי קונציק. איך רייד ניט פון די שפרינ־גערקעס און טענצערקעס אין די קורצע קליידלאך, ווייל דאָס פּאסט ניט פאר אַ אידן אין מיינע יאָרן. ארום וואָס איך רייד, וועט איר זען גאָר אין קורצן.

*) דער אָרימער אידישער קוואַרטאַל אין לאָנדאָן.



## גערלערנטע אייזלען *).

אָבער טאַקע איינפאַכע, פּירפּיסיקע. לאָז דער ראש־ישיבה אין דער מיר ; לאָז דער קאַמענעצער**) מגיד; לאָז מיסטער פּוט, דער זאַטער פריידענקער ; לאָז פּראָפעסאָר טרייטשקע (אויב ער לעבט נאָך) ; לאָז דער הייליקער שטעקער (וואו שטעקט ער איצט?); לאָז דער רעדאַקטאָר פון, איך וויל ניט זאָגן, וועלכע אידישע צייטונג אין אונזערע מקומות; לאָז... לאָז קיין איינ־ציקער פון זיי ניט מיינען, אז איך מיין זיי דערמיט, ווען איך רעד מכח געלערנטע חמורים. איך פאַרגעס קיינמאָל ניט, אז דאָ אין ענגלאַנד איז פאַראַן א חברה צער־בעלי־חיים, וועלכע נעמען זיך אָן פאַר אַלע לעבעדיקע באַשעפעניש (חוץ, פּילייכט, מענטשן) און איך וועל געוויס ניט באַליידיקן די אייזלען, זיי פאַרגלייכנדיק מיט די מענטשן, וועלכע איך האָב אויבן אויסגערעכנט, ווייל איך וויים, אז מיט די צער־בעלי־חיים־חברה איז ניט צו שפּאַסן. זיי נעמען זיך אָן פאַר בהמות, איבערהויפּט פאַר אייזלען און פערד, אזוי ווי זיי וואָלטן געווען זייערע לייבלאַכע ברידער, וואָס דאָס, דאַכט זיך, זענען זיי ניט, מחמת זיי גייען זיך משפּט'ן און דאָס טוען ניט די פּירפּיסיקע בהמות, אפילו ניט דער אָקס, וועלכער איז א דאָפּלטע בהמה, ווייל לאַ־די וואָס ער גייט אין סאָכע, לאָזט ער זיך נאָך קוילענען אויך : א מין איירעפּייאישער ארבעטער, וואָס ווערט א סאָלדאַט —

בקיצור, איך רעד גאָר פשוט פון געוויינלאַכע פּירפּיסיקע

*) „ארבעטער פריינד”, 10טן אפּריל 1891.

**) דער „קאַמענעצער מגיד”, ה' מכבי, אין לאָנדאָן, וואָס פלעגט האַלטן דרשות קעגן די אידישע ראַדיקאַלן.

בהמות, אייזלען, וועלכע אונטערשיידן זיך פון זייערע איבעריקע ברידער נאָר דערמיט, וואָס זיי זענען אביסל געבילדעט, אָבער זיי זענען אין אַלע אַנדערע פּרטים דאָס, וואָס אייזלען דאַרפן זיין, נעמלאַך אייזלען. די נפקא־מינה צווישן זיי און זייערע שטאַם־גענאָסן (ווי די טייטשן זאָגן) איז ניט מער ווי דער אונטערשייד צווישן אַן אידיאָט צווישן אונז, וועלכער האָט שטודירט און אַן אידיאָט, וועלכער ווייס ניט (און אַזוי וואויל איז אים!) פון קיין צורת אות. די נפקא־מינה צווישן זיי און די אַנדערע איז ניט מער, ווי דער אונטערשייד צווישן מאַרינירטע הערינג און פראָסטע, ווי צווישן אַ גרויסן פאַבריקאַנט און אַ קליינעם סווע־טער, ווי צווישן אַ דיפּלאָמאַט און אַזוי גלאַט אַ ליגנער, ווי צווישן אַ פריידיקער און אַ זאָגער, ווי צווישן אַ לאַטייניש פאַטער־נאָס טער און אַ ווייבערשע תחינה. מער ניט. בטבע זענען זיי אַלע, איינע ווי די אַנדערע, רויע ציגל און איבערגעברענטע, אָבער פון דיזעלביקע ליים.

די אייזלען, פון וועלכע איך רעד, זענען, אַלזאָ, איינפאַכע אייזלען, נאָר אביסל געלערנט. דאָס דאַרף איצט שוין יעדער פאַר־שטיין, ווער עס איז אַליין ניט קיין אייזל. אָבער ניט יעדערער וואָלט גלויבן, אַז מען קען אפילו אַן אייזל אויסלערנען און דאָס וואָלט איך אפשר אַליין ניט געגלויבט, ווען איך וואָלט דאָס ניט געזען מיט מיינע אייגענע אויגן אין צירק.

מען קען, ברידערלאַך, מען קען! און ווי נאָך קען מען! אַ טשיקאַוועס, זאָג איך אייך! איר האָט געדאַרפט זען די צוויי געבילדעטע אייזלען, וועלכע איך האָב געזען. אָ, זיי זענען וואונ־דערבאַרע ברואים, זיי שטעלן זיך אַוועק אויף אַ באַלקן, וואָס איז אַריבערגעלייגט איבער אַ צאַם און וויגן זיך אַרויף און אַראָפּ, גענוי ווי אַ ליבעראַלער פּאָליטיקער מיט אַ קאָנסערוואַטיוון בא אַן עלעקשאָן צום פּאַרלאַמענט, מער ניט, וואָס דאָ איז דער באַלקן אַרויפגעלייגט אויף דעם רוקן פון דעם המון. היינט שטעלן זיי זיך אַוועק (איינציקווייז, נאַטירלאַך) אויף אַ שטייענדיקע טון מיט אַלע פיר פיס און דרייען זיך, הויבנדיק דעם שנוק צו מזרח און

צו מערב, צו צפון און צו דרום צו, פונקט ווי אַ קאַקעטקע אַף אַ באַל, ווי אַ מיסיאָנער צווישן פרומע אידן און אפיקורסים, ווי אַ רוסישער גוזר אַף אַ פּאַראַד, ווען ער ווייס ניט פון וועלכע זייט אַ קויל קען אים טרעפן.

צו אַזאַ געבילדעטער אייזל האָט ניט געקראָגן (איידער ער האָט דערגרייכט אַזאַ הויכע שטופע פון בילדונג) מער קלעפּ, ווי אַ אינגל פון יונה קאַט'ס חדר, ווי אַ ניקאָלאַיעווסקער סאָלדאַט ביז ער איז געוואָרן אַ פּולקאָמענער מענטשיעגער, אָדער אַנדערע אַזעלכע נשמות — דאָס קען איך ניט זאָגן, אָבער אַזוי פיל איז זיכער, די קלעפּ זענען, יעדנפאַלס, ניט אַוועק אין ניוועץ. וואָרום איך האָב אייך נאָך ניט דערציילט די גאַנצע השלמה פון די גע־בילדעטע אייזלען.

וויגן זיך, אָדער זיך שטעלן אַף אַ טון איז, נאַטירלאַך, אַ גרויסע זאַך פאַר אַן אייזל, ווי רעדן פראַנצויזיש איז השלמה פאַר אַן אידיאָט פון רייכע עלטערן, אָבער דאָס איז נאָך ניט אַלעס. די צוויי געלערנטע חמורים קענען אַנדערע זאַכן אויך. למשל:

איינער פון זיי נעמט אריין צווישן די ציינער אַ גלעקל און קלינגט. עס קומט אריין אַ קעלנער און ברייננגט אַ סערוועטקע, וועלכע דער אייזל טוט אָן ארום האַלז, — פּלינקער ווי אַ רייכער פּאָניע אין בערלין. דאַן לאָזט ער זיך געבן די אכילה און עסט פון אַ טעלער, וואָס דאָס האָט דער קעניג פון זולולאַנד קוים וואָס געקענט. דאָס איינציקע, וואָס ער טוט ניט, איז בענטשן. ער בענטשט ניט. צי ער איז דערצו צו פיל אָדער צו ווייניק אייזל, קען איך אייך ניט זאָגן. דאַן קען ער אייך מאַכן אַ קניקס קונצי־קער, ווי אַ קליינשטעטלדיקער אקטיאָר, אָדער ווי אַן אָרעם־בחור, ווען ער קריכט אריין אין אַ פראַק און ווערט פון ברוך סמאַרגאָ־נער — באָרים סמאַרגאָנסקי.

וואָס זאָל איך אייך פיל ברייען? איך בין פון די געלערנטע אייזלען נתפעל געוואָרן. די געלערנטע אייזלען אין מענטשנגע־שטאַלט זענען הינט אַנטקעגן זיי.

„זיידע“, — האָט מיך מיין אייניקל געפרעגט, — „ווייסן זיי

טאקע וואָס זיי טוען, אָדער טוען זיי נאָר דאָס, וואָס מען האָט זיי אויסגעלערנט און דאָס, וואָס מען צאָלט דערפאַר, אום צו זען?"

איך האָב אים געענטפערט און האָב געזאָגט:

„איבער אַכטאָג דאָנערשטיק וועט אַ באַרימטער פּראָפעסאָר פון פּאָליטישע עקאָנאָמיע האַלטן אַ פאָרלעזונג. איך וועל אים גיין זען און הערן. דאַן וועל איך דיר ענטפערן אױף דיין פראַגע".



## נאָך מיין טויט *).

איך האָב שוין אין מיין לעבן געהאַט אַלערליי צייטן, דאַ־רונטער מער ווי איין מאָל־צייט, אַ יאָר־צייט, אַ האָב־צייט און אזוי גלאַט צייט, איבערהויפּט ווען איך בין מיט יאָרן צוריק עט־לאַכע זמנים ארומגעגאנגען אָן אַ קנעלונג, וואָס דערפון איז גע־דרונגען, אַז איך האָב טועם געווען אין מיין לעבן דעם ביטערן טעם פון מלמדות, וואָס דערפאַר האָף איך צו קריגן מיט אַ קלאַפּ ווייניקער, ווען עס וועט קומען צו חיבוט־הקבר, וואָס ארום דעם וועל איך רעדן מיט אייך אַ ווייליקנקע שפּעטער, ווייל אַלץ אַף אַ מאָל קען מען ניט טאָן, ווי דער אַלטער גלעדסטאָן**) זאָגט, ווען ער גיט דעם פאָלק שטימען צום פּאַרלאַמענט און הייסט זיי וואַרטן אַף ברויט ביז די בעקערס פון אלף החמישי וועלן אויפשטיין תחית־המתים, וואָס דאָס קען ניט לאַנג דויערן : העכסטנס אַ יאָר... פינף־זעקס הונדערט, וואָס דאָס איז אַ קלייניקייט, ווען אַ מענטש האָט נאָר אַ ביסעלע געדולד און ליגט ניט אין תאוות עולם־הזה, וואָס דאָס וואָלט איך אייך געקענט נאָך דייטלאַכער דערקלערן, ווען איך וואָלט ניט געמוזט אָפּכאַפּן דעם אָטעם, וואָס דערפאַר מוז איך אַוועקשטעלן אַ פּונקט, וואָס דאָס רופט מען בא אונז אין דרוק אַ פּסוק, וועלכעס איר אַלע ווייסט און אַ היגער בעל־קורא מעג פון מיר דערפאַרן אָן עקסטרא־געצאָלט.

בקיצור, איך האָב שוין געהאַט אַלערליי צייטן, אָבער קיינ־מאָל אין מיין גאַנצן לעבן (66 יאָר, 3 חדשים, 25 טעג און 3 שטונדן מיט אַ האַלבע איז אַ לאַנגע צייט פאַר אַ פילאָזאָף, וואָס

---

*) „פריווע וועלט“, יאַנואַר נומער, 1892.

**) דער ליבעראַלער ענגלישער פּרעמיער פון יענער צייט.

ראנגלט זיך שוין אזוי לאנג מיטן לאָנדאָנער טומאַן עטלאכע חדשים אין יאָר און מיטן רעליגיעזן און פּאָליטישן טומאַן די איבעריקע צייט פון יעדן יאָר, וואָס דאָס איז דער גרונד דערפון, וואָס מיין אָטעם איז אזוי קורץ, וואָס דערפאַר מוז איך צווערשט אוועקשטעלן די אַנדערע האלבע לבנה, אָט אזוי:) און דאַן נאָך אמאָל זאָגן: פּסיק. נור אזוי ווי איך בין דאָ געבליבן אינמיטן פון דאָס, וואָס איך האָב געוואָלט זאָגן און אזוי ווי איך בין היינט ניט מער קיין מלמד, מוז איך אָנהויבן פון דאָס נייע, אזוי צו זאָגן :

איך האָב שוין אין מיין לעבן געהאַט אלערליי צייטן, אָבער ניט אַ צייט, ווי די היינטיקע. איצט טראַג איך זיך, נעמלאך, ארום מיט אזא מין טירוף אין קאָפּ, אז איך וואָלט לייכט געקענט קריגן הסכמה אַף אַ משוגענעם אין אַ קליין שטעטל, אָדער אַ דיפּלאָם (אויב איר ווייסט וואָס דאָס איז) אַף אַ טעאָזאָפיע־דאָק־טאָראַט (אויב איר ווייסט וואָס דאָס איז) פון מיסים בעזאַנט אליין (אויב איר ווייסט ווער זי איז) און פון די הייליקע מאהאטמאָס, וועלכע וואוינען ערגעץ־וואו אַף די הימאלאייאישע בערג, וואו זיי האָבן פרישע לופט, צאָלן ניט קיין דירה־געלט און שיקן בריוו אָן פּאָסט־מאַרקן, ווי די ענגלישע טשינאָווניקעס.

וואָס איז דאָס פאַר אזא מין טירוף ? הערט, וועל איך אייך זאָגן. איך קלער נאָכאנאנד, ווי אזוי צו לעבן געשטאָרבענערהייט. מיר ווילט זיך, נעמלאך, וויסן, וואָס די וועלט וועט זאָגן, ווען זי וועט דערפאַרן (ניט אומזיסט איז דאָך דאָ היינט אַ טעלעגראַף צווישן אלע מדינות), אז איך בין טויט, מיר וואָלט זיך וועלן זען דעם גערודער, וואָס וועט ווערן אין אלע ארבע כנפות הארץ, ווען דער ערשטער קלאַנג וועט ארויסגיין, אז איך בין אויס פילאָזאָף און אז די ווערים זעצן זיך אָקאָרשט האלטן מאָלצייט איבער די האלב פונט פלייש און די עטלאכע פּוד ביינער (אַ פּראָפּאָרציע פון אַ געוויינלאכן ליטווישן קצב אין די אָרעמע קוואַרטאַלן) וואָס זיי, די ווערים געפינען אין מיין שפּאָגל־נייעם קבר. לאָמיך אייך, אגב אורחא, זאָגן, אז הגם איך בין די ווערים ניט מקנא זייער מאָל־

ציַיט, פאַרגין איך זיי ניט אַפילו דאָס ביסעלע הנאה, וואָס זיי וועלן פון מיַין פלייש יא האָבן. אָ, ניין ! איך פאַרגין זיי אַפילו דאָס ניט און האָב דערביַי אַפילו ניט דעם טרייסט, וועלכן איך האָב אַמאָל געגעבן אַ אידישן ליבעראַל, ווען איך האָב אים געזאָגט, אַז ער דאַרף פאַר ווערים ניט מורא האָבן, מחמת עס שטייט ערגעץ־וואו געשריבן (און וואָס שטייט ניט ערגעץ־וואו געשריבן?) אַז זיי, די ווערים, עסן ניט קיין רינד־פלייש ; איצט לאָמיך אייך ווידער, אגב אורחא, באַמערקן, גלויב איך ניט מער אין דעם, וויַיל איך זע פון טאָג צו טאָג אַלץ מער און מער אָקסן, וועלכע רייסן זיך קיין ארץ־ישראל, וואָס דאָס איז פאַר מיר אַ באַוויַיז, אַז די ווערים עסן יעדן מין פלייש, וואַרשיַינלאַך אַפילו דבר־אחר, וואָס דערפון קענט איר פאַרשטיין, אַז קלוגע פּראָצענטניקעס און סוועטערס דאַרפן זען צו שטאַרבן ניט וויַיט פון מערת־המכפלה, אויב זיי ווילן קומען מיט אַ גאַנצן גוף, מיט די ביַיכלאַך, מיט אַלעם מיט אַנאַנדער פאַרן בית־דין של מעלה אַף יענער וועלט. אַי וועט איר זאָגן: אין ארץ־ישראל עסן ניט די ווערים, אָבער די ערד אַליין עסט אויף די מענטשן, וואָס דערפון איז געדרונגען, אַז מען קומט אַפילו דאָרטן ניט אינגאַנצן אַף די בעסערע וועלט, — וועל איך אייך ענטפערן, אַז איך בין גאָר ניט מחויב צו זאָגן דורכאויס גליַיכע זאַכן און אַז איך האָב זאָגאַר אַ רעכט צו רעדן נאַרעשקייטן, כל זמן די נאַרעשקייטן טראָגן ניט אַף זיך דעם טרייד־מאַרק פון אַ באַקאַנטן פּראָפעסיאָנעלן נאַר און כל זמן איך דאַרף ניט מורא האָבן, אַז אַ מגיד זאָל מיך קענען פאַרקלאָגן דערפאַר פאַרן געריכט.

קומענדיק צוריק צו מיַין ענין, זאָג איך נאָך אַ מאָל, אַז מיר וואָלט זיך שטאַרק וועלן זען, וואָס פאַר אַ גערודער עס וועט ווערן אין דער גאַנצער ציוויליזירטער וועלט (די ווילדע פעלקער לעזן וואַרשיַינלאַך מיַינע שריפטן וויַיניק־וואָס), ווען די בשורה פון מיַין טויט וועט זיך פאַרשפּרייטן וויַיט און ברייט. אום אָבער, אַז איך זאָל דאָס קענען זען און הערן — איז נויטיק, אַז איך זאָל שטאַרבן

ווי אַן אָרעמאַן לעבט, דאָס הייסט, האַלב־און־האַלב, אַז איך זאָל לעבן געשטאָרבענערהייט, ווי איך האָב פריער געזאָגט.

איר ווילט געווים וויסן ווי אַזוי אַזאַ משוגענער רעיון האָט מיר געקענט אַרויפקומען אַפן מוח. הערט:

מיט עטלאַכע טעג צוריק איז מיין אייניקל געקומען פון גאַס אַ פאַרכליפּעטער, מיט רויטע געשוואָלענע אויגן און מיט אַ פּאָר בעקלאַך, רויט פון וויינען און געוואַשן מיט טרערן. עס האָט געדויערט זייער לאַנג ביז ער האָט געקענט אויסרעדן וואָס ער האָט נעבאַך געהאַט אַפן הערצל. ענדלאַך האָט ער זיך פאַנאַנדערגע־רעדט:

— זיידע, — זאָגט ער, — מען זידלט דיך.

—עס מאַכט ניט אויס, מיין קינד, — ענטפער איך אים.

— עס מאַכט ניט אויס ? וואָס הייסט, עס מאַכט ניט אויס?

— פרעגט ער — דו ווייסט מסתמא ניט ווער די זידלער זענען!

— לאָזן זיי זיין ווער זיי זענען, דאָס מאַכט גאָר ניט אויס. אויב דער כעס קומט פון געקריינקטע ליבע, איז די זידלעריי פאַר מיר אַ כבוד ; אויב די זידלעריי קומט פון קליינלאַכער קנאה, בין איך פילאָזאָף גענוג איר צו פאַראַכטן ; אויב זי, די זידלעריי, קומט פון אומפאַרשטאַנד, בין איך מענטש גענוג, איר צו באַדויערן און אויב זי קומט פון פּייגהייט (פּייגהייט, פּילייכט, איז אַ רע־וואָלוציאָנערע העמדעלע), דאַן מאַכט זי, די זידלעריי, זיך אַליין נאָר לעכערלאַך.

— און דאַן, מיין קינד, דאַרפסטו וויסן, אַז דער, וואָס וויל דינען זיינע מיטמענטשן, מוז קענען פיל פאַרטראָגן. ער מוז ניט נאָר ניט מורא האָבן פאַר די באַליידיגונגען פון זיינע קעגנער, וואָס דאָס איז פאַר אים אַ כבוד, ער מוז אויך קענען אַריבערטראָגן באַשימפּונגען פון זיינע גוטע פריינט. ער מוז ניט נאָר זיין צו־פרידן צו אָפּפערן זיינע בעסטע יאָרן, זיין פאַרגעניגן און זיין וואויל־טאָג, ער מוז אויך זיין אָנטשלאָסן צו זען, ווי זיין ערע ווערט אָנ־געגריפן, ווי זיין אומשולד ווערט באַשמוצט, און ווי זיין נאָמען ווערט באַליידיקט.

— יע, מיין קינד, מען ליידט ניט נאָר פון פרויען־ליבע אליין, — מען ליידט פון יעדע מין ליבע, אפילו פון מענטשן־ליבע. ווער עס האָט ניט קיין כח צו ליידן, יענער האָט ניט קיין רעכט צו ליבן און ווער עס וויל ליבן און ניט ליידן, יענער איז א נאַר.

און מיין ניט, אַז דאָס טוט מיר ניט לייד. אָ, יע! אָבער גלויב מיר, ווען איך זע, ווי מיינע קעגנער בויגן זיך איין, ווי זיי דערנידריקן זיך ביזן בלאָטע, ווען זיי שטעקן דאַן אריין א ריינע האַנט אין שמוץ אום מיך צו באַשמירן, דאַן פאַרדריסט מיר אַם מערסטן דאָס, וואָס זיי ווערן צען מאָל אַזוי שמוציק, ווי איך. דען, דו דאַרפסט פאַרשטיין, מיין קינד, אַז זיי זענען שלעכטע וואָר־פער, זייער ניט געשיקטע, און ווען זיי דערלאַנגען א וואָרף דעם הויפן שמוץ צו מיר צו, קריגן זיי ניין חלקים דערפון אין זייער אייגענע צורה. דאָס קרייינקט מיך, ווייל אין גרונד הארצן האָב איך זיי ליב.

דו שמייכלסט ? דו באַגרייפסט ניט ווי איך קען ליבן די, וואָס באַפאַלן מיך ? קינד ! ווייסטו דען ניט, אַז אַלט, ווי מיין בויגן איז, שוואַך, ווי די שטריקל איז, און טעמפּ, ווי מיינע פיילן זענען, וואָלט איך נאָך געקענט זיך פאַרטיידיקן אַפילו קעגן גרע־סערע שיסערס, ווי זיי זענען, און וואָלט געקענט ענטפערן מיט א גיפטיקן שטאָך אַף א שמוציקן וואָרף. איך טו דאָס ניט, ווייל איך ליב זיי, און איך ליב זיי, ווייל זיי זענען מענטשן, הגם זיי טוען אַלץ, וואָס זיי קענען אום צו באַווייזן דאָס קעגנטייל.

און איצט נאָך א זאַך : הער מיך אויס, מיין קינד, אין גאַנצן : איך וועל אַזוי גיך אַרום דעם נאָך אַמאָל ניט רעדן.

מיינע קעגנער! ווייסטו ווער זיי זענען ? זיי זענען מער־סטענס פאַרבלאַנדזשעטע שעפּסעלאַך, וועלכע האָבן מיך אין גרונד האַרצן ניט ווייניקער ליב, ווי איך זיי. אָט לאָמיך היינט שטאַרבן.

— אָ! זיידע !

— שרעק זיך ניט, מיין קינד, דאָס רעדט זיך נאָר אַזוי, לאָמיך היינט, זאָג איך, שטאַרבן...

— זאָג: אוועקפאָרן, זיידע !

— שטער מיך ניט. לאָמיך היינט שטאַרבן, וועסטו זען, ווי די זידלער וועלן זיין די ערשטע צו דערציילן מיינע שבחים, די ערשטע אָפּצואוואַשן יעדן פּלעקעלע פון זייער טויטן פריינט אַפן טהרה־ברעט. דו וועסט זען, ווי זיי וועלן נעמען די זעלביקע ווערטער, וועלכע זיי געברויכן היינט, אום מיך צו זידלען און וועלן מיך מיט זיי רימען. דער ביטרעסטער צווישן זיי וועט באַ־ווייזן, אַז ווען ער האָט געזאָגט דאָס, האָט ער געמיינט אַנדערש.

איך ווייסט ניט, וואָס זיי זאָגן היינט, וואָס זיי קענען זאָגן, אָבער איך שטעל מיר די מעשה פּאַר אַזוי:

היינט זאָגט מען:

ער שרייבט מיט האַרץ, ווייל ער קען שרייבן.

דאַן וועט מען זאָגן:

ער קען שרייבן, ווייל ער שרייבט מיט האַרץ.

---

היינט זאָגט מען:

ער רעדט אַרום הונגעריקע און דאָך ער אַליין הונגערט ניט.

דאַן וועט מען זאָגן:

ער אַליין הונגערט ניט און דאָך רעדט ער אַרום הונגעריקע.

---

היינט זאָגט מען:

ער שרייבט פאַר אידישע אַרבעטער, ווייל ער קען ניט שרייבן פאַר גוי'שקע גבירים.

דאַן וועט מען זאָגן:

ער קען ניט שרייבן פאַר גוי'שע גבירים, ווייל ער שרייבט פאַר אידישע אַרבעטער.

---

היינט זאָגט מען:

ער האָט אויך גוטע מעלות, אָבער אַ סך פעלערן.

דאַן וועט מען זאָגן:

ער האָט אַ סך פעלערן, אָבער אויך גוטע מעלות.

היינט זאָגט מען:

ער האָט געוויס עטוואָס אויפגעטאָן, אָבער ער שטאָלצירט דערמיט.

---

דאַן וועט מען זאָגן:

ער שטאָלצירט דערמיט, אָבער ער האָט געוויס עטוואָס אויפגעטאָן.

---

היינט זאָגט מען:

ער איז געוועזן אַ פילאָזאָף, אָבער אַ משוגענער.

דאַן וועט מען זאָגן:

ער איז געוועזן אַ משוגענער, אָבער אַ פילאָזאָף.

---

— אָט אזוי מיין קינד, די זעלביקע ווערטער פון זלזולים ווערן שבחים. ווען, אַלזאָ, דו הערסט נאָכאמאָל עמיצן מיך זידלענדיק, הער אים אויס רואיק און געלאַסן און פארכליפּע זיך ניט.

— דיין אַלטער זיידע וועט זיך גיין זיין אַלטן וועג און ווי אים האָבן ביז איצט ניט געטשעפּעט זיינע שונאים, אזוי וועלן אים ניט טשעפּען זיינע גוטע פריינט.

ער וועט גיין זיין וועג; ווער עס גלויבט אין אים ניט, יענער זאָל נאָך אים ניט נאָכגיין; ווער עס האָט קיין וויכטיקערע זאַך ניט צו טאָן, מעג אים זידלען און ווער עס איז אַ נאַר, מעג דאָס ארויסווייזן: ענגלאַנד איז אַ פרייע מדינה.

## אפגעלעבט און אויסגעוועבט *).

ביז די לעצטע טעג האָב איך קיינמאָל ניט געוואוסט, ווי מען פילט זיך, ווען מען איז אַן אידיאָט. אין מיינע יונגע יאָרן פלעג איך אָפט מיינען, אז מען דאַרף נאָר זיין אין דער הויט פון אַ משרת בא אַ חסידישן רבין, אָדער זיין אַ דיפּלאָמאַט'ס זון, אָדער לייענען אַמאָל פינף־זעקס די פירושים אַף דאַנטעס „געטלאַכע קאָ־מעדיע", אָדער קוועטשן אַ יאָר דרייסיק נאָכאַנאַנד אַ האַרטע היל־צערנע באַנק אין אַ דומפּיקן ליטווישן בית־מדרש, אָדער זיין אַ פּאָר יאָר אַ חזן, אָדער שטודירן דעם כינעזישן אלף־בית, אָדער זיך ארייננלאָזן אין קלייבן אַלטע מטבעות (אַמאָל — זאָגאַר נייע), אָדער ווערן אַ גרויסער טענצער, אָדער זיך פאַרליבן אַף די עלטערע יאָרן, אָדער ווערן אַ קריטסלאַך־סאָציאַלער פּראָפעסאָר פון נאַצי־אָנאַל־עקאָנאָמיע, אָדער דינען אַלס פאַרשוואַרצער בא אַ צענזאָר, אָדער שטיין אין אַ בודקע, ניט זייענדיק פון דער נאַטור קיין הונט, — אז מען דאַרף נאָר זיין אָדער ווערן איינס פון די אַלע זאַכן און מען קען שוין פון אייגענער דערפאַרונג זאָגן, וואָס אַן אידיאָט איז און ווי ער פילט זיך.

אין דעם גלויב איך היינט ניט. די אַלע מענטשן מעגן זיך זיין אידיאָטן, אָבער זיי זענען ניט קיין ריכטיקע פולקאָמענע אי־דיאָטן. באַטראַכטנדיק וואָלט איך געקענט אויסלעבן מיינע יאָרן, און שטאַרבן, און ליידן שיינע עטלאַכע יאָר גהינום, און מגולגל ווערן אין אַ פרייסישן הוזאַר, און רייטן, און אראָפּפאַלן פון פערד, און גע'הרג'עט ווערן, און ווידער שטאַרבן, און ליידן גהינום אפן קריטסלאַכן אופן, — און אַלץ ניט וויסן, ווי אַ מענטש פילט זיך, ווען ער איז אַן אידיאָט.

---

*) „פרייע וועלט", אויגוסט־סעפּטעמבער, 1891.

אין די לעצטע עטלאכע טעג האָב איך דאָס ארויסגעפונען. איך בין געווען אין א מין הינער־פּלעט, האָב געשלאָפן א גייסטיקן לעטארגישן שלאָף, אויב איר ווייסט וואָס דאָס איז, — און ניט קענענדיק קיין צוויי ציילן, האָב איך באשלאָסן, אז איך בין ענדלאך דערגאנגען ביז דער מדרגה פון אן אידיאָט און האָב אָנגעהויבן ערנסטלאך צו טראכטן ארומזוכן א ראבינער־שטעלע.

ווי אזוי דאָס איז געקומען, ווייס איך ניט. מיר פּאָליובעט ניט זייער שטארק די היץ ; תמוז איז דאָסזעלביקע פאר מיר, וואָס אב איז פאר א פּאלעסטינער: איך ווער עפּעס צודרומשקעט דעם חודש. טראכטן טראכט איך, דאכט זיך, גוט און מיט א טאָלק, אָבער איך ברענג דאָס ניט אזוי ריכטיק און סקלאדנע ארויס. אָפט האָב איך זיך געוואונשן צו זיין אן אייזל, אָדער אן אָפּגעקילטער ענטוזיאסט, וואָס אַף יענעם זאָגט די גמרא און אַף דעם איך (להבדיל), אז זיי איז אין תמוז קאלט. פונדעסטוועגן גלויב איך ניט, אז מיין אידיאָטסטווא זאָל מיר זיין געקומען פון דער היץ. איך האלט איבערהויפּט, אז די היץ מאכט געוואוינלאך מענטשן פאר פאנאטיקער, בעת פילע ווערן פוסטע קעפ גראד דורך דעם, וואָס זיי ווערן קאלט. איך ווייס, אז דאָס איז ניט די מיינונג פון די מערסטע אנדערע פילאָזאָפן, אָבער אין אזעלכע זאכן האָבן מיר אָפט צווישן זיך חילוקי־דעות, איבערהויפּט שאָ־פּענהויער און איך. היץ איז ניט די סיבה דערפון, — ווי מיין שכן זאָגט, ווען זיין ווייב צינדט זיך אָן בשעת זיי קריגן זיך, — דאָ מוז עפּעס זיין אן אנדער סיבה.

נאָר צי די אורזאך דערפון איז א פלאציקע אָדער א קיילאכ־דיקע, אזוי פיל זע איך באשיינפּערלאך, אז איך בין היינטיקן טאָג (הלואי זאָל דאָס נאָר זיין אן איבערגאנג) א שטיקל אידיאָט, אויב ניט א גרויסער שטיק. און איך וועל אייך זאָגן ווי איך פיל זיך.

די ערשטע זאך גיי איך נאָכאנאנד ארום מיט א פולן מאָגן און מיט א פוסטן מוח, ווי א יונגערמאנטשיק בא א רייכן שווער אַף קעסט. דאן ווילט זיך מיר נאָכאנאנד רעדן ארום זאכן, וועלכע איך פארשטיי ניט, און נעכטן אינדערפרי האָב איך זיך געכאפּט

רעדנדיק מיט זיך אַליין אַרום די פּויערים, יעגער, טורעמס, קעניגע און קיניגינעו פון... ניט פון איראָפּע, ווען זיי האָב איך נאָך אַ שטיקל ידיעה, אָבער פון דיזע אַלע מינים אַפן שאַך־ברעט. אַזוי ווי איך האָב אין מיין גאַנצן לעבן נאָר איין איינציקס מאָל גע־שפּילט אין שאַך און דאָס אויך נאָר אין חלום, קענט איר לייכט באַגרייפן, אַז דאָס איז אַ זאַך, וועלכע איך פאַרשטיי אומגעפער אַזוי פיל, וויפיל דער קעניגל פון שפּאַניען פאַרשטייט פון ליי־קורגס געזעצגעבונג, *) אָדער פון ראש־חדש בענטשן, אָדער וויפיל ער וועט פאַרשטיין פון ביידע זאַכן, ווען ער וועט אויסוואַקסן. אויסער דעם קומט מיר אַלץ פאָר, אַז מיין אייניקל ווערט עפּעס צו־קלוג, וואָס דאָס איז אַ בייזער סימן, מחמת אין די צייטן, ווען איך בין געווען אַ דיינקער, פלעג איך הנאה האָבן צו זען קלוגע קינדער, הגם זיינע קשיות האָב איך פון אייביק אָן פיינט געהאַט. דאַן האָב איך, דיר־נישט־מיר־נישט, אָנגעהויבן צו טראַכטן וועגן טויט און מיר האָט זיך מיט אַמאָל פאַרוואָלט תכריכים פון ריינע האָלאַנדער לייוונט און ארץ־ישראל ערד פון דער געגנד פון דער מערת־המכפּלה אין אַ זעקעלע פון יוטע, ניט אַנדערש! ניט שוין האַלט איך באַם ווערן אַ נאַציאָנאַליסט נאָכן טויט ? מיט אַ חודש צוריק וואָלט איך געוויס געוואונטשן בעסער ניט צו שטאַרבן, און איצט ? אָ, דאָס איז אידיאָטסטוואָ, ברידער ! דאָס איז ארץ־ישראל־אידי־אָטסטוואָ, ליבע ברידער ! דאָס איז לייטענער גולמיזם, רחמנא לצלן !

דערפון קענט איר — איר, וואָס איר זענט נאָך דערווייל ניט דערגאַנגען ביז דער מדרגה פון אידיאָטן — איר, אַלזאָ, קענט דערפון פאַרשטיין, אַז איך קען היינט ניט שרייבן. מיט אַ מוח, וועלכער איז פּוסט ווי אַ לוטעראַנישע קירך, וועלכער איז חרוב ווי דער בית־שני און וועלכער איז צעדאַרט און צעקוואַרט, ווי פאַר דריי־יאָריקע מצה, קען מען אפשר שרייבן אַ לייט־אַרטיקל (ד. ה.

*) האַלב קאָמוניסטישע קאָנסטיטוציע פון ספּאַרטאַ, אין אַלטן גריכנלאַנד.

אַן אַרטיקל, וואָס לײדט פון זיין שרייבער) אין אַ פרומער אידישער צייטונג; אָדער אַ תנאים צווישן אַ בחור אַן געלט און אַ מיידל אָן אַ חתן; אָדער אַ מזוזה אָנצושלאָגן אַן אַ טיר, דורך וועלכער אַ טייערער אידעאַל איז אַרויסגעגאַנגען; אָדער אַ פּאַסיר־צעטל פאַר אומבאַקוועם־געוואָרענער וואַרהייטס־ליבע, — דאָס און מאַנכעס אַנדערעס קאָן מען פיליכט שרייבן מיט אַזאַ מוח, אָבער ניט פילאָזאָפיע, סיידן מען וויל אויסזען ווי אַ רינד־פי.

⁂

ניט זייענדיק צופרידן מיט מיין אידיאָסטטוואָ, האָב איך געשריבן אַ בריוועלע צו מיין פריינט ווינטשעווסקי און ער האָט מיר אָט־דאָס אָפּגעשריבן (דורך אין גראַמען): —

מיין ליבער פריינט,
איר זענט, מיר שיינט,
אַ פילאָזאָף,
וואָס אים פעלט שלאָף;
אַן אַלטער איד,
וואָס איז שוין מיד;
אַ מאַן, וואָס דיינקט
און דאַרום קריינקט;
אַ מאַן, וואָס קלערט,
און דאַרום ווערט,
בים־ביסלעכווייז,
אַ שוואַכער גרייז,
אַן לעבנס־זאַפט,
אַן גייסטעס־קראַפט,
האַלב אָפּגעלעבט,
האַלב אויסגעוועבט.

איר װאָלט, מײַן פֿרײַנט, —
געקאָנט נאָך הײַנט
זײַן פֿריש געזונט,
אַ רויט, אַ רונד,
װען איר װאָלט נאָר
אָט־די נאַטור
פֿון קלערן פֿיל
און ניט זײַן שטיל
אַװעקגעלײגט
און זיך פֿאַרלײגט
אַף לעבן גוט!
צום אומגליק טוט
דאָס נאָר דער נאַר,
װאָס איז, דערפֿאַר,
ניט אָפּגעלעבט —
כאָטש אויסגעװעבט.

***

מײַן פֿרײַנט, אַצונד
זײַט מיר געזונט
און ניט פֿאַרשטױסט
אָט־דעם טרױסט: —
דאָס, װאָס אײַך פֿעלט,
פֿעלט אויך דער װעלט,
אויך זי איז אַלט,
אויך זי צעפֿאַלט,
און פּונקט װי איר
גײט זי, גלױבט מיר,
אָן קאָפּ אַרום,
צעמישט און דום

פֿאַרווירט אַנטשטעלט,
אַ פּוסטע וועלט, —
האַלב־אָפּגעלעבט,
האַלב־אויסגעוועבט.

*
*

אַ שיינער טרויסט, כ׳לעבן! פּאָעטן, ווילדע און קינדער זאָגן דעם אמת, צי אייך געפעלט זייער זאָגאַכץ, צי ניט.

נאָר גערעכט איז ווינטשעווסקי. די גאַנצע וועלט איז אויס־געוועבט און איר פירונג איז אַ אידיאָטסקער און זי איז עובר־בטל, ליבע קינדער!

באַטראַכט איר נאָר מיט אַ קאָפּ, באַטראַכט די מענטשן אין איר!

*
**

איז דאָס ניט אידיאָטסטוואָ צו גלויבן אין טייוול אין אַ צייט, ווען מען הערט שוין בישלאַכווייז אויף צו גלויבן אין גאָט; צו לאַכן פון אַ גיהנום אף יענער וועלט און אונטערשטיצן אַ גיהנום אף דער וועלט; אָפּצושאַפן פּיאַווקעס און בלוט־לאָזן בא קראַנקע און זיי אויפצוהאַלטן פאַר געזונטע; צו ריידן פון פריי־הייט און צו שווייגן פון באַדריקונג? אָ, דאָס איז אידיאָטסטוואָ, ליבע קינדער!

*
**

איז דאָס ניט אידיאָטסטוואָ צו ציוויליזירן אַפריקאַ און צו באַרבאַריזירן אייראָפּאַ; צו פאַרפּאַלגן מענשנפרעסער דאָרטן און זיי צו קרוינען דאָ; צו האַלטן געפּוצט די קברים אין בית־עולם פאַר די טויטע און פאַרשמוצט די קברים אין שטאָט פאַר די לע־

בעדיקע; אַנצופּילן מיט „בילדונג“ די קעפּ פון קינדער און די קעפּ פון דערוואַקסענע מיט דאגות; צו מאַכן ביקסן און האַרמאַטן אום צו היטן דעם פרידן, אַ, דאָס איז אידיאָטסטוואָ!

*
**

איז דאָס ניט אידיאָטסטוואָ צו וויסן דורכ'ן טעלעגראַף, ווער עס שטאַרבט אין אויסטראַליען און ניט צו זען מיט די אויגן, ווער עס קומט אום — לעבן אונז; צו פאַראַכטן שאַרלאַטאַנעם און זיי צו לאָזן פרן די גרענדע; צו באַשטראָפן פאַר'ן כאַפּן געלט פון קעשענע און צו לויבן פאַר'ן כאַפּן דעם ביסן פון מויל; צו היינגען דעם, וואָס גיט דעם טויט, און צו באַזינגען דעם, וואָס לאָזט ניט לעבן, אַ, דאָס איז אידיאָטסטוואָ!

*
**

איז דאָס ניט אידיאָטסטוואָ צו ריידן פון מענטשלאַכקייט און צו לאָזן אומקומען קליינע קינדער אין נויט און אין שמוץ; צו האַלטן פרויען פאַר מענטשן און זיי צו באַהאַנדלען ווי קי; צו בויען שפּיטאָלן פאַר חלאים און צו פאַרפּעסטן די הייזער פון די געזונטע; ניט צו לאָזן מענטשן זיך פאַרקויפן און זיי צו הייסן זיך פאַרדינגען; צו פאַרשפּאַרן אין טורמעס די, וואָס מען לאָזט ניט זיין ערלאַך? אַ, דאָס איז אידיאָטסטוואָ!

*
**

איז דאָס ניט אידיאָטסטוואָ צו מאַכן די מאַשין פאַר אַ בעל־שכל און דעם בעל־שכל פאַר אַ מאַשין; אויפצוהויבן ביז'ן הימל אַ דיכטער, אַ דיינקער, אַן ערפינדער, אַ נאַטורפאָרשער, אַ גרויסן רעדנער און צו לאָזן מיליאָנען פּייאיקע אַרבעטער־קינדער פאַר־ווילדט ווערן, פאַרוואַרלאָזט ווערן, פאַרדומט ווערן, פאַר'צרה'ט

ווערן, קערפערלאַך און גייסטיק פארקריפּלט ווערן, די קינדער, וועלכע וואָלטן די מענטשהייט פארהערלאַכט, דאָס לעבן פארזיסט, די וועלט פארשענערט, וועלכע וואָלטן אונז באפרייט פון דעם היינטיקן גיהנום און וואָלטן אונז געגעבן אַ טעם פון גן־עדן? אָ, די קינדער, די אָרימע אומשולדיקע עופה'לאך! אָ, דאָס איז אידיאָטסטוואָ, דאָס איז... דאָס איז... טייוואָלים אין גיהנום — זאָגט, ווי רופט איר דאָס? ווייל דאָס איז מער ווי אידיאָטסטוואָ... דאָס איז... ברידער, איך ווייס ניט מער וואָס איך רייד... מיין האַרץ פּלאַצט, מיין מוח ברענט... פייער, פייער, פייער! ברידער, גוטע, ליבע ברידער — גיסט מיר ווער ארויף אַ טשעבער קאַלטע, אייז־קאַלטע וואסער אפן קאָפּ, דען איך... איך בין.... אָ, איך בין פארריקט ווי די וועלט אליין.



## וואָס איך האָב געטראַכט דעם 15טן אַפּריל *).

אפשר וואָלטן זיי געגלויבט, אָבער איך רעכן, אַז ניט. ניין, געוויס ניט! און ווי אַזוי זאָלן זיי דאָס אין מינסק זיך גאָר קאָנען פאָרשטעלן, אַז איך זאָל היינט — היינט, ווען אייניקע פון זיי קלערן ארום מעות־חטים, אַנדערע אַרום מצה־שמורה, ווידער אַנ־דערע אַרום בדיקות־חמץ, — זאָל איך גאָר זיצן דאָ אין לאָנדאָן און טראַכטן אַרום אַ תליה! ווען די מעות־חטים'ניקעס דרייט דער מוח וועגן געלט... און אַ מינסקער, דאַרפט איר וויסן, גיט אפילו שלום־עליכם ניט מיט'ן גאַנצן הארצן אומזיסט, ווען די מצה־שמורה בעקער קלערן מכוח דעם, וואָס דער עולם וועט אַליין לינקער און לינקער און וואָס די איינציקע, וועלכע קויפן נאָך אַזעל־כע מצה, זענען אַלטע לייט אָן ציינער און אפילו זיי שטאַרבן בים־לאכווייז אוים; ווען פיל אָרימע לייט זוכן צו קריגן אַ שטיקעלע חמץ, ווייל וואָס מען וואַרפט זיי צו אין די הייזער עסן זיי גע־ווינטלאַך אויף איידער זיי קומען אַהיים, וואָס דערפאַר האָט יונה דער מלוה אייביק געזאָגט, אַז אַן אָרימאַן איז אַ פרעסער (פאַרגעסט ניט, אַז דאָס איז אַ פּ, מיסטער זעצער, בכדי אַז לאָנדאָנער אידן זאָלן ניט לייענען: „אַן אָרימאַן איז אַ פרעסער", וואָס דאָס איז ניט גאַנץ ריכטיק. דער אמת איז פאַרקערט, נעמלאַך, אַז אַ פרע־סער איז אַן אָרימאַן...) ווען זיי, בקיצור, דרייט אַלעמען דער מוח וועגן פסח, ווי קאָנען זיי זיך פאָרשטעלן, אַז איך זאָל דאָ זיצן און טראַכטן אַרום תליות, רחמנא ליצלן!

און דאָך טראַכט איך! איי, וועט איר פרעגן, ווי אַזוי קום איך אַף אַזעלכע רעיונות? וועל איך אייך זאָגן: פרעגט מיך אַ

*) „פרייע וועלט", מאַי 1891.

גרינגערע זאַך; דאָס ווייס איך אַליין ניט. איך ווייס נאָר, איך טראַכט.

***

פּלוצלונג קומט מיר היינט אַונט אַפ׳ן רעיון, אַז היינט (דעם 15טן אַפּריל) איז פּונקט צען יאָר, זינט אַ פּאַרטאַץ אַ קיסר האָט גענומען אַ פּאַרטאַץ אַ תליון און האָט אים געהייסן פאַרניכטן דאָס לעבן פון פיר העלדישע מענער און איין העלדישע פרוי.*) דער פּאַרטאַץ האָט די מאַרטירער געמאַטערט, אָבער די מאַרטירער האָבן זיך ניט געקרימט; זיי האָבן זיך צוקושט און זענען געשטאָרבן.

„די וועלט־געשיכטע ווידערהאָלט זיך" — זאָגט מען.

מיט פינף־און־פופציק יאָר פריער אין דעם יאָר 1826 האָט אָט־דעם קיסר׳ס זיידע, ניקאָלאַי פּאַוולאָוויטש, געמאַכט געוויס דעמזעלביקן קונץ, ער האָט אויך געהאַט צו הייננגען פינף העלדן**) און אויך אוועקגעשטעלט אַ פּאַרטאַץ אַ קאַט און יענער האָט אויך געמאַטערט די מאַרטירער.

„די רוסישע רעגירונג קאָן אַפילו ניט הייננגען" — האָט איינער פון די פינף, דער דיכטער רילעיעוו, באַמערקט און, דאָס זאָגנדיק, איז ער געשטאָרבן.

דאַן זענען אַף די געדאַנקען געקומען אַנדערע אַזעלכע זאַכן, — אַלע זאַכן, וואָס אין מינסק האָט מען, אין מיין צייט, קיינמאָל אַרום זיי ניט געטראַכט, איבערהויפּט בשעת אַלע שייערן און כשר׳ן די כלים, אַפילו די, וועלכע וויסן ניט אַף קלאָר, וואָס זיי וועלן אין די כלים קאָכן, ווען זיי וועלן שוין זיין געשייערט און געכשר׳ט, וואָס דאָס — לאָמיך אייך זאָגן — באַווייזט ווידער, אַז אַנטוועדער עס איז טאַקי גאָר ניטאָ קיין השגחה פּרטית, אָדער זי רייסט זיך ניט שטאַרק דעם פּעלץ מכוח פּסח׳דיקער כשרות.

---

*) זשעליאַבאָוו, מיכאַילאָוו, קיבאַלטשיטש, ריסאַקאָוו און סאָפיע פּעראָווסקאַיאַ.

**) בעסטוזשעוו, מוראַוויאָוו, פּעסטעל, קאַכאָווסקי און רילעיעוו.

נאָר איך פאַרקריך און פאַרקריך אין פּסח'דיקע כלים און אַזוי ווי איך בין ניט שאול און קיינער וויל מיך ניט מאַכן פאַר אַ מלך, זע איך ניט איין, וואָרום איך זאָל טאָן דאָס, וואָס ער האָט געטאָן, און פאַרקריכן אין כלים, — פּסח'דיקע אָדער חמץ'דיקע.

אָרום וואָס איך האָב זיך פאַרטראַכט, וועל איך אייך זאָגן, אָבער לאָזט מיר צוערשט נעמען אַ שמעק טאַבאַק. מחשבות'ן! ווי מען קאָן זיך צו אַלץ צוגעוואוינען? יעדער נאָז ניזט און פאַרשקעט זיך, איידער ער ווערט צוגעוואוינט צו טאַבאַק, און דער־זעלביקער איידעלער נאָז מיט דעמזעלביקן טאַבאַק ווערן ביסלאַכ־ווייז אַזעלכע מחותנים, אַז מען וואָלט מיינען, אַז אַ נאָז האָט קיין אַנדער עובדא ניט, ווי צו שמעקן טאַבאַק. איך האָב געקאָנט אַ שפּיאָן, וועלכער האָט זיך שיער ניט דעם לעבן גענומען, בעת ער האָט אָנגעהויבן צו באַטראַכטן זיין פּראָפעסיאָן, און היינט — היינט זיצט ער דערין, ווי אַ געשוויר אין זייט, און מיינט, אַז ער איז אָרוים אַ שפּיאָן פון דעם אויבערשטנ'ס האַנט.

איצט לאָמיך אייך זאָגן, אָרום וואָס איך האָב זיך דאָ פון־דאָס־ניי פאַרטראַכט, דאָס איז אָט־וואָס:

***

**ווען די פינף העלדן פון דעם יאָר 1826, אָדער די פינף העלדן** פון דעם יאָר 1881, אָדער די פינף העלדן פון שיקאַגאָ, פון 1887*), אָדער די הונדערטער אַנדערע העלדן, וואָס זענען געשטאָרבן פאַר אַ אידייע, זינט עס זענען דאָ טיראַנען אויף דער וועלט, — ווען זיי, זאָג איך, זענען געגאַנגען אויף'ן עשאַפאָט, אויף'ו שייטערהויפן, ווען זיי האָבן אויסגעשטעלט זייער ברוסט צו דעם אָפענעם מויל פון אַ מערדערישן ביקס, האָבן זיי וויניקסטענס געוואוסט, אַז זיי שטאַרבן פאַר עטוואָס, אַז זיי שטאַרבן איין מינוט אום צו לעבן אייביק (אין דעם געדעכעניש פון די קומענדיקע דורות), אַז זיי שטאַרבן גיך.

---

*) לינג, ענגל, פּאַרסאָנס, פּישער און שפּיז.

וואָס אָבער מכוח די, וועלכע ווערן טויטע געבוירן; די, וואָס זענען פאַראורטיילט צום טויט, ווייל זייערע עלטערן האָבן ניט מיט וואָס צו אונטערהאַלטן זייער לעבן? וואָס מכוח זיי?

וואָס מכוח די מיליאָנען, וועלכע שטאַרבן אָפּ פון טאָג צו טאָג אין דעם סוועטער'ס קאַנורע, באַם וועבשטול, באַ דער דראַטווע און פּעך; אונטער דער נאָסילקע ציגל, צווישן דער זעג און דעם וואַרשטאַט; אין קוזניע אָדער אין סלעסאַרניע און אין הונדערט אַנדערע ערטער — און שטאַרבן אָפּ, נאָר ווייל זיי עסן ניט גענוג און שלאָפן ניט גענוג, ווייל זיי האָבן מער דאגות ווי האָר אין קאָפּ, מער יסורים ווי ציינער אין מויל, מער וואונדן אין האַרצן ווי טעג אין די יאָרן? וואָס מכוח זיי?

וואָס מכוח די טויזנטער אָרימע מאַרטירער, וועלכע די טשור־גונקע דערשטיקט, דער ים פאַרשלינגט, דער קריג ברייננגט אום, וועלכע אַלע אַנדערע מלאכי־חבלה פון דער באַרבאַרישער ציוויליזאַציע נעמט אוועק פון דער וועלט? וואָס מכוח זיי?

וואָס מכוח אַלע אָט־די אומבאַקאַנטע מאַרטירער? וועלכער געשיכטע־שרייבער דערמאָנט זיי? וועלכער דיכטער באַזינגט זיי? וועלכער בילדהויער מאָדעלירט זיי אין מאַרמאָר? וועלכע האַנט לייגט אַ קראַנץ אַף זייער קבר? וועלכער דאַנקבאַרער קומענדיקער דור דערמאָנט זייער נאָמען?

אַף דעם מזבח פון אונזער ציוויליזאַציע לייגט מען אַרויף האַלץ און אַף דעם האָלץ אָט־די אַלע קרבנות; פון זיי און פון דעם האָלץ ווערט אַ באַרג אַש און די אַש צעטראָגט אַן אומבאַרמ־האַרציקער ווינט און קיינער ווייס ניט, וואו די אַש איז אַהינגע־קומען און יעדער פאַרגעסט אָן די אָרימע קרבנות.

**איך ניט.**

## ענגלישע פרייהייט*)

אין ענגלאנד איז דער מעגן און דער ניט־טאָרן האלב און האלב, ניט אהין און ניט אהער, א שטייגער, כאפּט אייך אָן, ווי א קאזיאָנער רב, וועלכער איז ניט איד גענוג פאר א מורה הוראה און ניט גוי גענוג פאר א גלח; אָדער ווי א אידישער מייסטער אָן זיין זייגער און קייט, וועלכער זעט אויס (אפ׳ן דבר־אחר־מארק) צו אָרים פאר א בויך און צו רייך פאר א האנט; אָדער ווי א בעלגישער קעניג, וועלכער איז ניט מאכטיק גענוג פאר א מאָ־נארך און צו־פיל בעל־הבית פאר אן אלטן שוטה; אָדער ווי א לאָנדאָנער לאָרד־מעיאָר, וועלכער איז צו אומגעהובלט פאר א לאָרד און צו איידל פאר א סוחר; אָדער ווי א פּסח בא א רעפאָרמירטן רייכן אידן, וועלכער איז ניט כשר גענוג פאר בערדיטשעוו און ניט טרייף גענוג פאר גאטשינא.**) בקיצור, דער מעגן און ניט־טאָרן איז ניט אהין און ניט אהער.

בא אונז אין דערהיים ווייס מען לכל הפּחות, אז מ׳טאָר ניט, אז מ׳טאָר קיין זאך ניט טאָן, ניט ריידן און ניט שרייבן, — א איד טאָר אפילו ניט לעבן. דאָרטן ווייס מען, וואו מ׳איז אין דער וועלט, און, דאס וויסנדיק, טוט מען איינס פון דיביידע: אנט־ווערער מ׳רעדט, מ׳שרייבט און מ׳לעבט בשתיקה, דאָס הייסט, מ׳לעבט א מין פארבאָטענעם לעבן, און ווען ניט ווערגט מען זיך מיט די רייד און מ׳שטארבט א געזעצלאכן טויט, אָדער מ׳דער־לאנגט אונטער פיר אויגן וועמען מ׳דארף וואס מ׳דארף און אף א ווייליגקע ווייניקסטנס מעג מען... טאָמער וועט זיך א שטריינגער

*) „פרייע וועלט“, יוני, 1891.

**) די רעזידענץ פון די צאַרן.

קריטיקער צוטשעפּן דערצו, וואָס איך האָב אָנגעהויבן מיט „איינס פון דיביידע" און האָב אויסגעבראַכט איין אַנטוועדער מיט צוויי אָדערס, וואָס דאָס איז איננאַנצן דריי ברירות, — טאָמער וועט זיך, זאָג איך, אַ שטרייַנגער קריטיקער אָן דעם אָנטשעפּן, לאָז ער זיך טשעפּן: ער וועט דערפון הנאה האָבן און מיר קאָן דאָס ווייניק־וואָס שאַדן. איבערהויפּט דאַרף דער עולם וויסן, אַז איך האָב געפּאַקט און געמאָזלט, האָב איבערגעשטאַנען סקאַרלאַטין, דעם תוספות פון תגרי לוד, דריי ווילנער רעטשישניקעס און עטלאַכע פּאַסקווילן, וואָס נאָך די אַלע מעשות רעכן איך, אַז מיר וועט שוין קיין טייוול ניט נעמען, סיידן איך וועל צו אים אַליין גיין.

נאָר דערווייל האָב איך פאַרלוירן, וואו איך האַלט... יאָ. דאָ אין ענגלאַנד איז דער מעגן און ניט־טאָרן עפּעס ניע־בע, ניע־מע, ניע־קוקירעקו. בּאַ דער ענגלישער פרייהייט — ווי בּאַם אידישן גלות — ווייס מען ניט קיין אָנהויב און ניט קיין אויסלאָז, קיין וואו־איין און וואו־אויס. צי דאָס איז באַשרייַנקטע פרייהייט, אָדער פרייהייטלאַכע באַשרייַנקונג, אָבער אַף יעדן פאַל איז עס עפּעס ניט דאָס. איר מעגט, דאַכט זיך, און מעגט און מעגט, מיט אַמאָל, גוט־שבת־ברייַנע! אַט טאָר מען ניט. למשל:

איר מעגט זיין אַן אָרימאַן, אָבער איר טאָרט ניט גיין איבער די הייזער, — סיידן איר זענט אַ קוימענקערער.

איר מעגט ניט האָבן קיין הויז, אָבער איר טאָרט ניט שלאָפן אַפ'ן גאַס; אונטער אַ בריק מעגט איר העכסטנס לייענען קריאת־שמע.

איר מעגט זיין אַ טאָכטער בּאַ אַ רייכן מאַן, אָבער איר טאָרט אים ניט ירשה'נען.

איר מעגט אין אַ רעסטאָראַן עסן וואָס אייער האַרץ געלוסט, אָבער איר טאָרט ניט קושן די מזוזה, איידער איר האָט באַצאָלט.

איר מעגט זיין אַ מעמבער אין פּאַרלאַמענט, אָבער איר טאָרט דאָס ניט ווערן, ווען איר האָט ניט קיין דיקן טשעק־בוך.

איר מעגט לעבן פון שווינדל, אָבער איר טאָרט ניט שווינדלען אויסער אַף אַ געוויסן אופן.

איר מעגט זיך פארליבן אין א בתולה, אן אלמנה, אדער א גרושה, אבער איר טארט ניט אפלאזן דעם שידוך.

איר מעגט אפלייקענען גאט אליין, אבער איר טארט פון אים, כביכול, ניט מאכן חוזק.

איר מעגט זיין אן אירלענדער, אבער איר טארט ניט אלץ מעגן.

איר מעגט זיך האבן, ווי שלמה המלך עליו השלום, זיבן הונ־דערט קעבס־ווייבער, אבער הייראטן טארט איר ניט מער ווי איין ווייב.

איר מעגט אייערע קינדער לאזן ארויסגיין ניט־געגעסן, אבער איר טארט זיי ניט לאזן בלייבן ניט „געסקולט"*).

איר מעגט א מענטשן האלטן פאר א שווינדלער, אבער איר טארט דאס ניט זאגן.

איר מעגט א פאליציייסקן פאראכטן, אבער איר טארט אים ניט ענטפערן מיט א פאטש אף א פאטש.

איר מעגט מאכן א טומל אין א „האל", אבער איר טארט ניט ריידן צו הויך אין א קירך, סיידן איר זענט דארטן דער זאגער.

איר מעגט לופן יעדן פארק אייער אייגנטום, אבער איר טארט דארטן ניט אויסרייסן א בלום.

איר מעגט בדלות שטעלן א מענטשן אין קארטן, אבער איר טארט דאס ניט טאן וואו איר ווילט (דער פרינץ אף וויילס איז אן אויסנאמע).

איר מעגט באנוצן אלע מוזייאומס, אבער איר טארט דאס ניט טאן, ווען איר האט צייט דערצו.

איר מעגט שטארבן א מיתה־משונה, אבער איר טארט ניט באגראבן ווערן אן א דזשורי פון צוועלף בעלי־בתים.

איר מעגט לעבן מיט א ווייב, ווי א קאץ מיט א מויז. אבער איר טארט זיך ניט גט'ן מיט איר אן א פרעמדער ליבע.

---

*) געשולט. באזוכן די פאלק־שול.

איר מעגט אַרומגיין מיט אַ שאַרמאַנקע, אָבער איר טאָרט ניט שפּילן אַף איר אין די רייכע געגנטן.

איר מעגט זידלען די רעגירונג, אָבער איר טאָרט ניט האָבן קיין חוצפּה פאַר אַ ריכטער.

איר מעגט ריידן אומעטום אונטער'ן פרייען הימל, אָבער ניט אומעטום אַף דער פרייער ערד.

איר מעגט אויסגעריסן ווערן, אָבער איר טאָרט ניט אויסרייסן.

***

אַט אַזוי מעגט איר רק און טאָרט רק ניט, מ'ווערט מבולבל אין דער וועלט־באַרימטער ענגלישער פרייהייט; אַ גרינער שכל באַנעמט זי גאָר אינגאַנצן ניט. זי איז גוט, אָבער ווייסט איר פאַר וועמען? פאַר אַ ראַדיקאַלן פּאָליטיקער, פאַר אַ מענטשן, וועלכער גייט אַ טריט פאָרווערטס און אַ טריט ריקווערטס, אַזוי ווי דער פּערפּענדיקל פון אַ וואַנט־זייגער און דאָס נאָר אָנגעצויגנערהייט. פאַר אים איז די היגע פרייהייט פּונקט ווי אַף אים צוגעשניטן, גראָדע נאָך זיין מאָס נאָך, און טאָמער איז זי אַביסעלע אייננג אין פּאַכווע און די הענט רירן זיך עפּעס ניט ווי מ'באַדאַרף, מאַכט דאָס ניט אויס — אַבי עס איז ניט צו־לויז. אינגאַנצן פריי וויל ער גאָר ניט זיין; ער וויל ניט אַנדערש מעגן, אַוואו ער זאָל ניט גלייך דערביי עפּעס ניט טאָרן. אַזעלכער דרייט זיך אייביק אין דער „באַוועגונג" — ווי ער רופט דאָס — אַזוי ווי אַ וועווערקע אין שטייגל, און ווען ער שטרייכגט אָן אַלע זיינע קרעפטן און פאַר־קריצט מיט די ציינער און צעקנאַקט אַ נוס, מיינט ער, אַז ער האָט באַמבאַרדירט אַ קריעפאַסט.

פאַר אַזעלכן טויג ניט די וואָרע פרייהייט, ווי פאַר אים טויג ניט די נאַקעטע הוילע וואַרהייט, ווי פאַר אים טויג ניט דער שיין פון דער ליכטיקער זון.

כל־זמן ער פילט ניט דעם בייטש, רייסט ער זיך ניט פון די אַלאַבלעס; אַרויסגיין פון געשפּאַן גאָר אינגאַנצן וואָלט ער אָנ־רופן פאַרבלאָנדזשען.

אַזוי קאָן ער אויך ניט ליידן די ריינע וואַרהייט. ער שלעפּט

אף איר ארויף א פּאָליטישע בלוזע, א רעליגיעזן מאַנטל פון לייטנס־וועגן, א שלייער אפ׳ן פנים, כדי זי זאָל ניט גיין הויל און נאַקעט. אי, וואָס מ׳דערקאָנט איר מער ניט — דאָס קימערט אים ניט, אבי זי איז פארדעקט.

פאר די שטראַלן פון דער ליכטיקער זון האָט ער אויך מורא און ער קוקט אפ׳ן טאָג דורך בלויע ספּאַקולן, מיט א ברייטן קאָזיראָק איבער די אויגן. צו־פיל ליכט פארטראָגט ער ניט, צו־פיל פרייהייט פארטראָגט ער ניט; אַלץ מוז אים זיין באַשריינקט, ווי ער אַליין איז באַשריינקט, דאָס רופט ער מעסיקייט און איז דערמיט צופרידן.

יאָ, פאר אזא ניט־דערבאַקענעם לעבל־מענטש, פאר אים, וואָס ער בלייבט אייביק אינווייניק רוי, אפילו ווען ער איז פון אויבן צוגעברענט, פאר אַזעלכן איז גוט די ענגלישע חול־המועד פרייהייט, דער מעגן ניט־טאָרנדיק.

אָ, יאָ! ער, פארשטייט איר, דאַרף ווערים־קרוט־צוקער־קעס, אינגבערלאַך, פּאָמעראַנצן, אַלץ עפּעס אַזוינס, וואָס איז אי זיס, אי ביטער. פון א שטיקל הוילע צוקער, פון א לעק ריינע האָניק קריגט ער לייב־שמערצן, דאָס קאָן ער ניט פארדייען. אַלזאָ, פאר אים, ווייל ער איז אזוי געבויט, איז די האַלבע פרייהייט גוט, — אָבער פאר אונז?

פאר אונז, וועלכע האָבן געפילט דעם דרוק פון דעספּאָטיזם אי אַלס אידן, אי אַלס פּוילישע, אי אַלס צאַר׳ס אונטערטאַנען, אי אַלס פרייהייטס־מענער, אי אַלס פּראָלעטאַריער — פאר אונז פינף־פאַכע אונטערדריקטע — פאר אונז איז אַזעלכע פרייהייט ניט קיין פרייהייט.

מעגן ריידן איז שוין פאר אונז ניט גענוג; מעגן ריידן פּויליש אָדער אידיש איז פאר אונז אויך נאָך ניט גענוג; מעגן ריידן פּויליש אָדער אידיש, ניט זייענדיק איינגעשפּאַרט אין עטלאַכע גובערניעס, איז פאר אונז נאָך אויך ניט גענוג; מעגן אומעטום ריידן פאר אמת׳ע מענטשלאַכע פרייהייט איז פאר אונז אויך נאָך ניט גענוג; אפילו מעגן ריידן געגן אונזערע בלוטזויגער באַפריי־

דיקט אונז נאָך ניט. אויב מיר זאָלן פריי זיין, מוזן מיר מעגן זיין מענטשן, מיט א פרייען גייסט, מיט א פרייען צונג, מיט פרייע הענט.

מיר דאַרפן האָבן פרייהייט צו לעבן, צו גניסן און צו שאַפן פאַר זיך און פאַר אַלעמען, דאָ און אומעטום, אַף איצט און אַף אימער.

מעגן גניסן די פרוכט פון אונזער אַרבעט; מעגן אויסדריקן די געדאַנקען פון אונזער מוח; מעגן אַלץ טאָן כל־זמן מיר שטערן ניט איינער דעם אַנדערן; מעגן זיין ערלאַך און קוקן גלייך אַלע־מען אין די אויגן; מעגן ברענגען קינדער אַף דער וועלט, וועלכע זאָלן אונז ניט דאַרפן דערפאַר שילטן, ווען זיי וואַקסן אויף; מעגן הייראַטן דורך אמת'ער ליבע, כדי אַזעלכע קינדער צו דערציען; מעגן ווערן אַלט, ניט זייענדיק ווער־עמען־עס־איז צו־לאַסט; מעגן עסן ווען מ'דאַרף זיך ניט ווערגן, ווייל לעבן אונז זיפצט א הונ־געריקער.

מעגן האָבן, ניטבאַפּנדיק; געבן, ניט שיינקנדיק; ליבן, ניט נאַרנדיק; טראַכטן, ניט זאָרגנדיק; בראַוו זיין, ניט מאָרדנדיק.

מעגן זיין שטאָלץ אָן גאווה, געבילדעט אָן נערוונשוואַכקייט; גוט אָן פריסטער, קלוג אָן גאַזעטשיקעס, שטאַרק אָן סאָלדאַטן, זי־כער אָן פּאָליציי, גערעכט אָן ריכטער און געוויסנהאַפט אָן טור־מעס. —

דאָס אַלעס זיין, דאָס אַלעס האָבן, דאָס אַלעס טאָן, — אָט־דאָס רופן מיר פרייהייט.

# ער, איר און איך*).

ער**) שטייט מיר רק פאַר די אויגן.

אמאָל פלעג איך קאָנען לאַכן. איצט ניט. ווען איך זאָל איצט זען אַ סאָציאַליסט אַף רחל'ס קבר; אַ מיניסטער, וואָס וויל ניט רייך ווערן; אַ פּאָליטיקער, וואָס גייט מיט'ן אמת; אַ דעס־פּאָט, וואָס שרייבט פון געוויסנביסן; אַ געוועזענעם אָרים־בחור, וואָס גייט אַרום אָן אַ מעסערל אין קעשענע; אַ מייסטער, וואָס וויל ניט זיין קיין גבאי אין אַ שול; אַ גבאי אין אַ שול, וואָס וויל ניט זיין קיין מייסטער, אויב ער איז ניט; אַ שוחט'ס אַ ווייב, וואָס האָט פיינט קישקעלאַך, און הונדערט אַזעלכע נפשות, — ווען, זאָג איך, איך וואָלט זיי היינט זען, וואָלט איך אפשר זיך ניט געקאָנט איינהאַלטן אַ שמייכל צו טאָן, אָבער געלאַכט וואָלט איך ניט.

אָ, ניין! איך קאָן היינט זען, ווי שעפּסן קלייבן אויס אַ וואָלף פאַר אַ פירער; ווי פּויערים גיבן אַ בער זייער האָניק צו באַהאַלטן; ווי מייז גייען דערציילן זייערע קריוודעס פאַר אַ קאַץ; ווי אַרבעטער טוען תפילה פאַר אַ פאַבריקאַנט און מאַכן פאַר אַ פּרעזידענט אין זייער פאַראיין... איך קאָן זען אַן אַלטן פּאָלקאָוו־ניק, וועלכער זיצט אין אַ דזשורי באַ אַ מאָרד־פּראָצעס; ווי אַ לאָרד שרייבט אַרום אַרבעטער־אינטערעסן און ווי אַרבעטער ליי־ענען דאָס — דאָס קאָן איך אַלץ זען, אַלץ איבערקלערן און אי־בערטראַכטן און באַ מיר יאַוועט זיך איצט ניט מער קיין חשק צו לאַכן, ווי באַ אַ זאָגער, ווען ער פאַרלירט וואו ער האַלט. איך קאָן

---

*) „פרייע וועלט", סעפּטעמבער 1892.

**) דער יונג־פאַרשטאָרבענער רעוואָלוציאָנער קאָנסטאַנטין גאָלוב.

מער ניט לאַכן, ווייל ער... ער שטייט מיר רק פאַר די אויגן סיי אין חלום, סיי אָפּ'ן וואָר.

נעכטן בין איך געזעסן אָבגעמאַטערטערהייט, ניט גאַנץ קראַנק, ניט גאַנץ געזונט, אַ שטייגער ווי די איצטיקע צייט; בין געזעסן זופנדיק אַ ליטעראַרישן שלאָפּטרונק, דאָס הייסט לעזנדיק אַ נאַריש בוך, האָב געלעזן, געגענעצט און האָב איינגעדרעמלט. מיטאַמאָל האָט זיך מיר אָפּגעדוכט אַז איך זע פאַר זיך אַ הויכן באַרג און אויפן שפּיץ באַרג אַ יונגן מאַן מיט אַ שלאַנקע מאָגערע פיגור — ווי זיינע — רוהיק, געלאַסן, זאַנפט און מילד. דאַן איז מיר פאָרגעקומען אַז פון זיינע ליפּן איז אַראָפּגעפאַלן דער שוואַרצער זיגל פון דעם טויט און אַ הייליקער ווינט האָט זיי געבומען באַוועגן און זיי האָבן אַרויסגעלאָזן אַ שטימע, וועלכע איז ניט הויך און דאָך צום הערן, אַ שטימע, וועלכע די ביבל רופט קול דממה דקה און וועלכע מען קען אויף קיין אַנדער לשון ניט באַשרייבן. פריי פון דעם אַמאָליקן הוסט האָט זי זיך אָפּגערופן און האָט געזאָגט, ריידנדיק ווי אין דער לופט אַריין.

„גליקלאָך איז דער, וועלכער וועט לעבן דאַן, ווען עס וועט זיין שפּייז פאַר יעדן מאָגן, פרייהייט פאַר יעדע ברוסט, ליבע פאַר אַלע הערצער, בילדונג פאַר אַלע מוחות, שיינהייט פאַר יעדע געשטאַלט און געזונטהייט פאַר יעדן גוף. אָבער גליקלאַכער איז דער וואָס קעמפט, ווי דער וואָס געניסט די פרוכט פון דעם זיג; דער וואָס זוכט, ווי דער וואָס האָט דאָס געפונענע; דער וואָס מאַכט ווי דער וואָס באַנוצט די געמאַכטע זאַכן; דער וואָס שניידט פון זיין אייגענע זריעה און ברייגגט די גאַרבן אין שייער אַריין, ווי דער וועלכער עסט פון אַלעם פאַרטיקן.

„די צייט פון האָבן איז נאָך ווייטלאָך; די צייט פון קריגן וואָס מען קען האָבן איז נעענטער; אָבער די צייט פון זוכן קומט איצט אָן, דערפאַר זאָג איך:

„לאָז יעדערער וואָס קען — לעבן, ווייל עס קומט אַ צייט, וועלכע עס וועט ווערט זיין צו דערלעבן.

„זוכן הייסט קעמפן. דער קאַמף, ער איז נאָנט, — דער גרויד

סער, אַלגעמיינער, אומעטומיקער און ערנסטער קאַמף. גליקלאַך זענען די, וועלכע וועלן אים דערלעבן און מיטלעבן און איבערלעבן, — גליקלאַכער ווי מיר, וועלכע זענען מער ניטאַ, גליקלאַכער ווי אונזערע איינענע קינד'ס־קינדער וועלכע זענען נאָך ניטאַ.

דער קינסטלער האַט אַ בילדזייל פון מאַרמאָר, האַרעוועגדיק שווער איבער דעם הארטן שטיין. ער זעט, אַז ער איז ניט ווייט פון זיין ציל, און שטראַלן פון פרייד באַלויכטן זיין פּנים. ער איז גליקלאַכער ווי דער, וואָס האָט אויסגעגראָבן דעם שטיין. גליקלאַ־כער ווי דער, וואָס וועט האָבן די סטאַטוע.

און אַזוי וועט איר זיין אויב איר וועט דערלעבן דעם גרויסן קאַמף.

אָבער האָט ניט קיין טעות:

איר וועט זען אַ גוואַלדיקן ווינט, וועלכער וועט אויפהויבן וואָלקנס פון שטויב אין אַלע גאַסן, אַף אַלע וועגן און אַף אַלע שטעגן. איר זאָלט ניט מיינען אַז דאָס איז דער קאַמף: דאָס וועט נאָר האָבן אָנגעמאַכט דער ערשטער ריר וואָס דער חיל וועט זיך טאָן.

און איר וועט הערן טרויער־שטימען און יובל־שאַלן, קלינגענ־דיקע גלאָקן און קלירנדע וואַפן און פיל געשריי און אַ גרויסן טומל. איר זאָלט ניט מיינען, אַז דאָס איז דער ריכטיקער קאַמפּפ־גערויש: דאָס וועט נאָר זיין דער ערשטער אויסברוך אַפן קול פון שוואַכע באַדריקטע און פון באַדריקנדע האַרטע הערצער.

און דאַן וועט איר זען ווי די לופט וועט זיך נעמען קלערן: ווי שולטערן וועלן קומען נענטער צו שולטערן, ווי הענט וועלן אָנ־נעמען הענט, ווי פּיס וועלן פּאָרוויי'ז זיך אויסשטעלן אין פראָנט, ווי אַ גייסט פון אחדות וועט ווי אַן עלעקטרישער שטראָם דורכגיין די פאַראייניקטע האַנט־אין־האַנטיקע מענטשנמאַסע און די מאַסע וועט מיט איין אָטעם אָטעמען, מיט איין האַרצן וועלן און מיט איין קול פאַרלאַנגען פרייהייט און רעכט און אַזוי אָטעמענדיק, אַזוי ווילנדיק, אַזוי פאַרלאַנגנדיק, וועט זי (די מאַסע) זיך געבן אַ ריר

און וועט נעמען מאַרשירן. דאַן וועט איר וויסן, אודער סאַמע האָט זיך אָנגעהויבן.

איך זאָג דערפאַר:

לאָזן לעבן די, וואָס קענען; עס קומען אָן צייטן, װעלכע עס וועט ווערט זיין צו לעבן.

***

און ווי ער האָט גערעדט אָט־די ווערטער האָבן זיינע אויגן געקראָגן אַלץ מער און מער גלאַנץ, זיין בלייכער פּנים מער און מער באַגייסטערונג, און זיין שלאַנקע דאַרע פיגור איז עפּעס אַזוי ווי אויסגעוואַקסן.

און דאַן האָבן זיך די וואָלקנס בּיסלאַכווייז אַרונטערגעלאָזן אױפן שפּיץ באַרג וואו ער איז געשטאַנען. זיי האָבן פאַרשטעלט פון דעם מענטשלאַבן בליק צוערשט דעם קאָפּ, דאַן די האַלז, דאַן די ברוסט, און דאַן זיין קערפּער ביז ער איז אינגאַנצן ניט געוואָרן. און דאַן האָבן זיך די וואָלקנס אַ רוק געטאָן צו מערב צו, און די לופט איז געוואָרן פריי און קלאָר און אױפן באַרג איז שוין מער קיינער ניט געשטאַנען. מיט אַ פאַרשטיקטן קול האָב איך אים נאָכגעשריען: ברודער, ברודער, האַלט... איין ווייליקע, נאָך איין קליין ווייליקע! קיינער האָט ניט געענטפערט און ער איז געווען פאַרשוואונדן — דער יונגער מאַן

***

מיטאַמאָל האָט זיך מיר אָפּגעדרוקט אַז אױף מיינע שולטערן שטייען צוויי פויגלען: אַ בילד־שיינע טייבעלע אױף די רעכטע פּלייצע און אַ שוואַרצער וואָראָן אױף די לינקע. די ביידע פויגלאַך האָבן צוגעלייגט זייערע קעפּ צו מיינע אויערן.

און דער שוואַרצער ראָב האָט געזאָגט:

פון אייביק אָן האָבן די מענטשן געליטן,
און האָבן געגלויבט און געהאָפט;
זיי האָבן אומזיסט מיטן אונגליק געשטריטן,
און זייער ערלייזונג — זי שלאָפט.

דער מענטש איז צו אייביקע ליידן געבאָרן,
אומזיסט און אום־נישט איז זיין שטרייט;
ער בלייבט, ווי געווען, אין פארגאנגענע יאָרן,
אַ שקלאַף פון צרות, וואָס שרייט...

אָבער די ווייסע טויב האָט געענטפערט:

דער מענטש האָט ניט אימער ווי איצטער געליטן;
זיין היינטיקע קרייַנק איז ניט אַלט;
זיין לאגע זי האָט זיך אינגאַנצן געביטן,
זיין לייד האָט אַ נייע געשטאלט;
דאָך איז ער צו לעבן אין פריידן געבאָרן
און גייט, דאָס צו האָבן, אין שטרייט:
ער בלייבט ניט מער ווי אין פארגאנגענע יאָרן,
א שקלאַף, וועלכער דולדעט און ליידט.

איך האָב מיך ניט־ווילנדיק אַ טרייסל געטאָן און די ביידע פויגלען זענען ניט געוואָרן.



ווען איך האָב מיך אויפגעכאַפּט, האָב איך לעבן זיך דערזען דעם פריינדלאַכן פּנים פון מיין איייניקל.

„זיידע — זאָגט ער — דו האָסט גערעדט פון שלאָף".

איך האָב מיר אַ רייב געטאָן די אויגן און האָב אים געענטפערט:

„הלואי וואָלטן אלע גערעדט פון שלאָף אנשטאָט וואָס זיי שלאָפן איין פון ריידן. דו פארשטייסט ניט? זעץ זיך דאָ לעבן מיר אפן שטול און איך וועל דיר דאָס דערקלערן".

„אין דער מדינה, פון וואנען איך קום, לאָזן די הערשער קיי־נעם ניט ריידן און ריידן אַליין אויך ניט. דאָ אין ענגלאַנד ריידן די הערשער אַזוי פיל, אז דאָס פאָלק קומט זעלטן ווען צום וואָרט.

דאָס איז אָבער נאָר אין די הויכע פּלעצער, וואו האַלטן א רערע׳ הייסט זאָגן א דעה. צווישן זיך אָבער רעדט דאָס פאָלק גאַנץ גענוג און רעדט וועגן ריידן, דאָס הייסט, וועגן די „ספּיטשעס" פון אַנדערע. אָ, די פאַרפלוכטע ריידעריי! דער ענגלישער קרוין־פּרינץ עפנט אַ הקדש פאר די, וואָס ער העלפט אָרים מאַכן, און ער זאָגט אַ דרשה; אַ קריגס־מיניסטער, וואָס טויג צו קיין אַנדער מלחמה ניט ווי מיט זיין ווייב און קינדער, האַלט אַלע ווייַלע אַ רערע; דער פינאַנץ־מיניסטער, וואָס קען אָן זיין סעקרעטאַר קיין שווערן כפל ניט באַרעכענען, פאָרט אַרום און דרשה׳נט; יעדער בישאָפּ, יעדער קאַנאָן*) (געוויינלאַך ניט ווערט קיין שאָס פּולווער), יעדער גייסטליכער, יעדער באַראַבאַנשציק פון די סאַלווישאָן אַרמיי, יעדער געוועזענער שכור וואָס פּרעדיגט וואַסער טרינקען און קאַיען די בלאָטע; יעדער פּאָליטיקער (און פילע פון זיי זענען הינט לגבי אַ מינסקער פּרוש) אין יעדן ליבעראַלן און קאָנסערוואַטיוון קלוב פון יעדער שטעטל אין יעדער געגנט פון ענגלאַנד, גייט אַרום און איז אַ מגיד. דאָס פאָלק הערט דאָס אַלעס צו (און אוים) און קומט אַהיים און רעדט איבער אַלץ וואָס איז גערעדט געוואָרן.

און זיי זענען איינגערעדטע אָרימע לייט. די ענגלענדער, פאַרשטייסטו מיין קינד, וואָלט מען אַזוי לייכט אין צוויק ניט געהאַלטן, ווען מען וואָלט זיי ניט איינגערעדט, אַז זיי זענען בעלי־דעות איבער זיך, אַז „בריטאַנס וועלן קיינמאָל קיין שקלאַפן ניט זיין", אַז דער ענגלענדער איז די סמעטענע פון גאַנצן אייראָפּייאישן מילך־קרוג. מען שלעפּערט זיי איין אף דעם אופן מיט רייד און זיי שלאָפן... שלאָפן אָפּט ניט געגעסענע. דער פּרומאַק פון קירך, דער ליידאַק פון קלאָב, דער פּרעדיגער פון גאַס, — יעדער הילכט אים אין מוח ביז ער שלאָפט איין. וואָס גאָט׳ס סטראַפּטשע הויבט אָן, ענדיקט גלעדסטאָנ׳ס סטראַפּטשע און זיי ביידע העלפט אונטער דער וואַסער־פּרעדיגער.

---

*) קאַטעדראַל־פּריסטער.

איצט זאג מיין ליבער אייניקל, וואס איז ערגער — שלאפן פון רייד, אדערריידן פון שלאף?

ער האט ניט געענטפערט, אבער זיין שווייגן איז געווען דער בעסטער ענטפער: ער האט געכראפעט פון מיין זיסע רייד.

ווידער אמאל:

**א פלוך אף די ריידערייי.**



## חומש מיט א נייעם פירוש*).

איך האָב פאר אייך א גריכישע מעשה. איך האָב זיי זייער ליב, די גריכישע מעשיות: זיי זענען זייער אנגענעם צו הערן און זיי פארלאנגען ניט אז מען זאָל אין 'זיי גלויבן; ניט ווי די מעשיות, למשל, וועלכע מיר האָבן אלע געהערט באם רבי'ן אין חדר. אָט נעמט אזא שיינע ערציילונג ווי די מעשה מיט קין און הבל. וואָס דארף מען בעסער? קין איז א לאנד־באזיצער אין א צייט ווען מען האָט ארום די ערד ווייניק וואָס צו טאָן, ווייל די ערד גיט איי־רע פרוכט כמעט אליין. ער האָט פון דער ערד אלץ און שיינט דערביי גאָרנים צו טאָן. קין ברייננגט א קרבן צו גאָט. הבל, וועל־כער איז א פאסטוך און פארדינט 'זיין שטיקל ברויט מיט שווערע הארעוואניע, ברייננגט אויך אן אָפער. דער רבונו של עולם, וועל־כער איז קיין נושא פנים ניט, גיט קין'ען אָנצוהערעניש אז זיין קרבן איז אים ניט אזוי ליב, ווי הבל'ס, מחמת הבל'ן איז דער קרבן אָנגעקומען מיט שווייס, בעת ער, דער עלטערער ברודער, האָט דעם אויבערשטן נאָר געגעבן דאָס, וואָס ער האָט פון אים אליין געהאָט במתנה, א שטייגער ווי א פאבריקאנט גיט היינט זיינע ארבעטער א געשאנק פון די געלט, וועלכע ער האָט „געמאכט" פון די ארבע־טער'ס פראצע. קין דער לענדלאָרד ווערט איצט אין כעס און הרג'עט זיין ברודער הבל דעם פאסטוך. דערפאר ווערט ער באַ־שטראָפט און די שטראָף, וועלכע גאָט גיט אים, איז זייער א קלוגע. אנשטאָט אים צו הייגען (ווי מענטשלאכע, אפשר איז בעסער צו 'זאָגן: אומענטשלאכע ריכטער וואָלטן היינט געטאָן), לאָזט אים גאָט ארומגיין איבער דער וועלט געפלאגט און געמוטשעט פון זיין אייגענעם געוויסן. גאָט זעצט אים אפילו אין טורמע ניט אריין,

*) „ארבעטער פריינד", 1טן נאָוועמבער 1891.

ווייל ער (יתברך) וויים, אז קין וועט האבן פיל מער געוויסנביסע, ווען ער וועט זיין פריי, ווי אין א טורמע, וואו ער וועט אפקומען פאר זיינע זינד, — וואו ער וועט זיך האלטן פאר באשטראפט.

די מעשה איז זייער א שיינע, ווען איר באטראכט איר אלס פאבל, און אין איר ליגט א גרויסער מוסר־השכל, ווי איר זעט. אבער דער אומגליק איז, וואס די מעשה וויל, אז מען זאל אין איר גלויבן באמונה שלמה און איך זע בשום אופן ניט איין, ווי דאס איז מעגלאך. באטראכט נאר אליין: די באפעלקערונג פון גאנץ אזיע, אפריקע און אייראפע (אמעריקע און אויסטראליע זענען נאך ניט געווען ענטדעקט, ווען די וועלט איז באשאפן געווארן...) איז דענסטמאל באשטאנען פון פיר פארשוין. ווען קין האט ערמארדעט זיין ברודער הבל, זענען געבליבן דריי: אדם, חוה און זייער זון קין. צו וואס האט גאט אים געמאכט דעם צייכן אפן שטערן? ווער וועט קין'ען צעפענען? און נאך דעם חומש'ם רייד נאך קומט אוים, אז דאס קען ווירקלאך פאסירן, א שטייגער עס זענען דא אף דער ערד א סך פרעמדע פערזאנען, וועלכע לעבן (ווי היינט גענעראלן, פאלקאווניקעס, אדוואקאטן, ריכטער, קברות־לייט און אנדערע...) פון מענטשן מארד. היינט גלויבט אין דעם! אמת, רש"י מוז עפעס וואס מאכן דערויף, אבער מיט וואס איז דאס רש"י אזא בעל־בטוח בא מיר? עס איז לייכט צו זאגן: גלויב, דאס מוז מען קענען און איך קען עס ניט.

נעמט ווידער אזא פאבל, ווי די מעשה מיטן עץ־הדעת. זי איז ווערט אז מען זאל איר איינקריצן מיט גאלדערנע אותיות אף א מארמארנעם שטיין. דער זין דערפון איז אזוי שיין, אז צייטנ־ווייז ווילט זיך מיר אליין גלויבן אין דעם. שטעלט זיך נאר פאר: אט ווערט א מענטש אריינגעלאזן אין א פאראדיז צוזאמען מיט זיין פרוי, וועלכע איז (און ווארום זאל זי ניט זיין?) בילד־שיין, זיי ליבן זיך, מחמת קיין אנדער ארבעט האבן זיי ניט, און זיי לעבן א גוטן טאג צווישן אלערליי דופטיקע בלומען, פרוכטטראגנדע בוימער, צווישן טרויבן און אפריקאזן, מיט א בלויען הימל און א שיינע ערד — שיין און רייצנדיק ארום זיך, איבער זיך, אונטער זיך

און פאר זיך! אַלץ מעג דער מאַן געניסן צוזאַמען מיט זיין הארצנסגעליבטע פרוי (ווי דער בריוושטעלער זאָגט) און נאָר איין זאַך איז אים פאַרבאָטן: מען לאָזט אים האָבן אַלץ, חוץ אויפ־קלערונג. „פון דעם בוים דער ווייזהייט, פון עץ־הדעת“, — זאָגט מען אים — „טאָרסטו ניט עסן“. „ווארום“ פרעגט ער און גאָט ערקלערט אים, אַז דאָס קען פאַרקירצן זיינע יאָרן. אָ, ווי אים ווילט זיך זיין קלוג! אָ, ווי אים ווילט זיך זיין אויפגעקלערט! וויסן, וויסן! וויסן אַלץ, וואָס טוט זיך אין דער וועלט, פאַרשטיין די שיינע נאַטור, דיינקען, קלערן, טראַכטן, דערפינדן! דאָס וויל אָדם, אָבער עס פעלט מוט און חוה קומט אים צו הילף. פרויען זענען לייכטזיניקער, אומפּאָרזיכטיקער, אָבער זייער נייגיר איז גרעסער, ווי בא די מענער, און זיי זענען אָפט איידעלער. עס ווערט בא זיי באַשלאָסן, ליבער צו לעבן פון פראַצע און שוויס, ליבער צו שטאַרבן זאָגאר איידער צו בלייבן כשר'ע בהמה'לאַך. אָדם און חוה מאַכן איצט אַ רעוואָלוציע און עסן פון עץ־הדעת. וואָס דערפון קומט אַרויס, ווייסט איר, אָבער זיי דערגרייכן זייער וואונטש און זיי ווערן פון אומשטערבלאַכע בהמות אָן שכל — שטערבלאַכע אָבער פאַרנינפטיקע מענטשן.

דאַרף מען אַ שענערע מעשה? ווי נאַטירלאַך, ווי ריכטיק, ווי שיין! אָבער מען הייסט אייך גלויבן, אַז דאָס, וואָס איר קאָנט האַלטן פאַר אַ שיינע פאַבל, איז אַ מעשה־שהיה און דאָ נעמט אייך אָפּ העגט און פיס. אין גן־עדן, אין אָדם'ן און חוה'ן וואָלט איר שוין אפשר גלויבן, אָבער דער שלאַנג? דער שלאַנג, וואָס דרייט זיך דאָ אַריין אין מיטן? אין אים אויך גלויבן? עפּעס האַמעט־נע.

אַזאַ אמונה פאַרלאַנגען די גריכישע לעגענדען פון אייך ניט. זיי פאַרלאַנגען ניט קיין קרעדיט. דערפאַר האָב איך זיי האָלט.

איך וועל אייך דערציילן איינע פון זיי.

## מ י ד א ס...*).

**אין פריגיען איז פארצייטן געוועז אַ קעניג מיטן נאָמען מי־דאָס.** אַט־דער קעניג האָט אַמאָל געטאָן אַ טובה דעם לוסטיקן גאָט באַקכוס, דעם גאָט פון וויין און שכרות. „בעט זיך עטוואָס אויס פון מיר — האָט דער גאָט געזאָגט צום קעניג — און איך וועל דיין וואונש, אויס דאנקבארקייט, ערפילן, אָבער פארלאנג ניט מער, ווי איין איינציקע זאך". מידאס איז געוועזן מלא שמחה. „מאך, גרויסער באַקכוס — האָט ער געבעטן — אַז פון אַלץ, וואָס מיין קערפּער וועט באַרירן, זאָל ווערן גאָלד". דער לוסטיקער גאָט האָט דערפילט זיין וואונש, אָבער ער האָט אים גלייך געזאָגט, אַז עס וואָלט גלייכער געוועזן פאַרן קעניג אַליין צו פאַרלאַנגען אַן אַנדער זאַך. מידאס אָבער האָט מיט אַ פריילאַכן הארצן אָפּשייד גענומען פון באַקכוס, באַקכוס ווידער איז פארשוואונדן צוזאַמען מיט זיי־נע געזעלן און נימפן (געטלאַכע יונגפרויען) אין וואַלד: ווארשיינ־לאַך איז ער אַוועק מאַכן אַ שנאַפּס. איצט האָט מידאס געוואָלט פּרובירן זען, אויב באַקכוס האָט אים ניט אָפּגענאַרט (מענטשן האָבן ניט אימער געהאַט אַ בלינדן גלויבן אין געטער) און אַזוי גיך ווי ער איז אריינגעקומען צוריק אין וואַלד, האָט ער אָפּגעבראָכן אַ צווייגל פון אַ בוים. אָ, וואונדערבאַר! דער צווייגל אין זיינע הענט ווערט אַ גאָלדענער! לעבן זיינע פיס ליגט אַ שטיין, מידאס הויבט אים אויף און דער שטיין איז אַ שטיק גאָלד; ער קומט צו אַ פעלד און רייסט אויס עטלאַכע קאָרן־זאַנגען, די זאַנגען ווערן אין זיינע הענט גאָלד־זאַנגען. ער דערזעט, גייענדיק אַ שטיקל ווייטער, אַן עפּל־בוים: ער שאָקלט אים און פונם בוים פאַלן אַראָפּ גאָלדערנע עפּל. וואָס נאָר מידאס נעמט אַריין אין

---

*) „אַרבעטער פריינד", 8טן נאָוועמבער 1889.

די הענט — פון אַלץ ווערט גאָלד, אַפּילו פון די וואַסער, אין וועל־כע ער וואַשט זיינע הענט, ווערט צעשמאָלצענע גאָלד! מידאַס..

דאָ פאַלט מיר עטוואָס איין: אין די צייט פון די ערשטע כאָלעריע, וועלכע איז געקומען אַרום די צייט פון דעם ערשטן פּוי־לישן מיאַטעזש*), וועלכער האָט אויסגעבראָכן אין דער צייט פון דעם (איך וויים ניט וויפילטען) טערקישן קריג, וואָס דאַמאָלסט האָט ניקאָלאַי אָנגעהויבן צו נעמען אידישע סאָלדאַטן — בין איך אַלט געווען אַ יאָר פינף**). צו יענער צייט, געדיינק איך, פלעגן מיר קינדער האָבן אַזאַ מין ניגעלע:

„אַך וואונדער, איבער וואונדער
„דאָס איז מיר אַ וואונדער!
„אַז די אָקסן קאָכן לאָקשן —
„דאָס איז דאָך אַ וואונדער".

איך רעכן אַז מידאַס וואָלט זיך געווים אַזוי אויסגעדריקט ווען ער וואָלט ניט געלעבט מיט אַ פּאָר טויזנט יאָר פריער, ווי איך, בשעת ער האָט געזען, ווי... ניט „ווי אָקסן קאָכן לאָקשן", זאָנדערן ווי עפּל, וואַסער, שטיינער, זאַנגען און צווייגן פאַרוואַנדלען אין גאָלד, אַזוי באַלד ווי ער באַרירט זיי מיט זיינע הענט. איצט ווייטער. מידאַס..

דאָ אָבער פאַלט מיר ווידער עטוואָס איין: זייענדיק פינף יאָר אַלט, האָב איך געהאַלטן פאַר אַ וואונדער איבער וואונדער, אַז „אָקסן זאָלן קאָכן לאָקשן". איצט ווען איך בין שוין איבער ששים זע איך, ווי אָקסן רייניקן די פעלדער, אַקערן, בראָנעווען, זייען, שניידן, זאַמלען, פירן אין מיל און מאָלן און זיפּן די מעל און קאָכן דערפון אַזעלכע לאָקשן, וואָס קומען קיינמאָלניט אריין אין זייערע אייגענע מיילער, אימער אין פרעמדע — און איך וואונ־

*) אין 1830.

**) דער „משוגענער פילאָזאָף", אונטער וועלכן נאָמען מאָרים ווינטשעווסקי האָט פאַרעפנטלאַכט זיינע פעליעטאָנען, האָט זיך פאַרגע־שטעלט אין יאָר 1889 אַלס זקן פון 64 יאָר.

דער מיך גאָרניט, ווייל איך ווייס אז אָקסן זענען אָקסן... צייטנ־ווייז איז אַ גרויסע וויגאָדע צו זיין אַ פילאָזאָף, אַ באַיאָרנטער איד, אַ דערפאַרענער מענטש, וואָס האָט געזען אַ וועלט. מען וואונדערט זיך ניט מער איבער קיין זאַך און מען איז צופרידן מיט אַלץ, ווען אויך מען איז ניט רייך און מען קען ניט ניט נאָר פון שטייער, אַפילו פון די בעסטע געדאַנקען ניט מאַכן קיין גאָלד, ווי מידאס האָט געמאַכט, וואָס צו אים קער איך מיך איצטער אום... (באַטראַכט נאָר, ווי קונציק איך האָב מיך דאָ אַרויסגעדרייט!) און דערצייל ווייטער:

גאָלד, גאָלד, גאָלד! מידאס איז געווען אומגליקלאך. קיין ברויט, קיין פלייש, קיין וויין, קיין שלאָף — קיין זאַך גייט אים ניט איין. גאָלד איז גוט, אָבער דאָס גאָלד לאָזט אים ניט לעבן... וואָס „צו" איז אומגעזונט און מידאס בעט בּאַ דעם לוסטיקן וויינגאָט, אַז ער זאָל אים באַפרייען פון גלענצנדיקן אומגליק... ליבע לעזער, מיר שלעפערט זיך. גוט נאַכט!

*****

אוים פילאָזאָף! איך בין רייך געוואָרן. אַ מיליאָנער. ווער רייכער אַלע טאָג. מאַך גרויסע געשעפטן אין אַלע פינף וועלט־טיילן. פון אַלצדינג, צו וואָס מיין האַנט רירט זיך צו, ווערט גאָלד: סאַווערענס, לואידאָרס, רענדלאַך! איך האַלט דעם בעסטן קוכער אין אייראָפּע, די פיינסטע ווייסע פערד, די טייערסטע לאָזשע אין די טעאַטערן, האָב דינער אָן אַ צאָל און דינסט־מיידלאַך, וויפיל איך וויל. מיר איז גוט. גוט? איך האָב מורא, אַז ניין. מיינע געשעפטן דרייען מיר די קאָפּ בּאַם טיש, אין בעט, אין טעאַטער. מיין גאָלד לאָזט מיך ניט שלאָפן און מיר דאַכט זיך, אַז איך אָטעם איין גאָלד אין מיין לוסטגאַרטן און איך באָד זיך אין גאָלדוואַסער אין ים. איך גיי זען מיינע נייע בילדער אין דער גאַלעריע און זע גאָלד, געלט, גאָלד, געלט, וואָרום אַפילו מיין מאַרך איז פול דערמיט. איך לעז אַן אינטערעסאַנטן בוך און

דאָס בוך זעט מיר אוים ווי א קונטרס פון שטאַטס־פּאַפּירן איינ־געבונדן אין מאַראָקאָ־לעדער. דער באַלעט אין אָפּערע־הויז איז זייער שיין, אָבער איך זע ניט די טענצערנס, איך זע בלויז גאָלד, געלט — געלט, גאָלד. שרעקלאך! איז דאָס לעבן? הייסט דאָס גענימן? רופט מען דאָס גליק? וועלן גענימן און גאָרנישט האָבן איז שלעכט; אַלץ האָבן און ניט קענען גענימן איז ער־גער... פאַרפלוכט גאָלד, ווי ווער איך פּטור דערפון?

איך האָב מיך אויפגעכאַפּט און בין דערפון פּטור געוואָרן. אָבער אַזעלכע חלומות וואָלט איך ניט וועלן האָבן אַלע נאַכט. אין דעם איז געווען שולדיק די לעגענדע מידאַס.



# קאסאנדראַ*).

דער גאָט אַפּאָלאָ האָט זיך אַמאָל פאַרליבט אין קאַסאַנדראַ, די טאָכטער פון דעם טראָיאַנישן קעניג פּריאַם. זי (ווייס גאָט אַפּאָלאָ אַליין — וואָרום) האָט אים ניט געליבט. זי האָט דאָס פונדעסטוועגן ניט גלייך אַרויסגעוויזן, נאָר האָט אים געפירט אַ לאַנגע צייט פאַרן (געטלאַכן) נאָז. וואָרום? ווייל זי האָט געוואָלט פון אים עפּעס אַרויסקריגן, און האָט אַרויסגעקראָגן. דאָס איז געווען די פייאיקייט צו זען בנבואה אַלץ, וואָס וועט קומען און אַלץ, וואָס וועט זיין. אַזוי באַלד אָבער, ווי זי איז געוואָרן אַ נביא'טע, אַ פּראָפעטין, האָט זי אים געוויזן דאָס, וואָס מען עסט חמשה־עשר בשבט, נעמלאַך, אַ פייג אונטערן נאָז און האָט אים געגעבן אַ „טשיסטע אָטסטאַווקע", וועלכע די טייטשן רופן אַ קאָרב, די ענגלענדער — אַ זאַק און מיר אידן — אַ קאַפּולער אָנ־צוהערעניש.

איר קענט אַליין פאַרשטיין, אַז דער אָפּגענאַרטער גאָט איז געוואָרן שרעקלאַך בייז אַף זיין געליבטער. „ראַכע"! — האָט ער אויסגעשריען און זיין ערשטער געדאַנק איז געווען פון איר צוריק־צונעמען דעם כח־הנבואה. דאָס אָבער איז ניט לייכט געווען צו טאָן: אַ גאָט איז ניט אַבי־ווער, ער איז ניט — כאָפּט אייך אָן — אַ גלעדסטאָן, אַ שואַוואַלאָוו, אַ קרעמער, אַ לוח־מאַכער, ער מוז זיין היילים, אַ־ניט, גלויבט קיינער מער ניט אין אים און וואָס, איך בעט אייך, איז אַ גאָט אָן גלויבערס? בקיצור, דאָס איז געווען אוממעגלאַך אויסצופירן. ער האָט געטראַכט און געקלערט און איז געקומען אַף אָט־דעם פּלאַן: אַ פּראָפעטין זאָל קאַסאַנדראַ טאַקע בלייבן, אָבער קיין שום מענטש זאָל ניט גלויבן אין אירע

*) „אַרבעטער פריינד", 6טן מערץ 1891.

נביאות. אזוי האָט ער איר פאַרשאָלטן און די אומגליקלאַכע האָט פּאַראויסגעזען און פאַראויסגעזאָגט אַלץ, וואָס האָט שפּעטער מיט־געבראַכט דעם אונטערגאַנג פון טראָיאַ און די גאַנצע מדינה איליום — איר פאָטערלאַנד — און מען האָט זיך פון איר נבואה אויסגעלאַכט. עס איז געקומען אזוי ווייט, אַז... נאָר לאָז זיין גענוג. לאָמיר רעדן פון אַן אַנדער זאַך.

*****

נעכטן האָט מען מקבר געווען מיינעם אַן אַלטן פריינט. מען האָט מיך גערופן צו דער לויה, נאָר איך בין ניט געגאַנגען. צייט? אָ, ניין! צייט האָב איך געהאַט נאָכט־געגוג, אָבער איך האָב פשוט ניט געוואָלט גיין, מחמת דער אַלטער פריינט מײַנער האָט געענדיקט זייער מיאוס. שטעלט זיך נאָר פאָר! מיט אַ יאָר צוועלף־דרייצן־פערצן צוריק איז ער געווען אַ באַגייסטערטער יונג, מיט אַ פּאָר הימלבלויע אויגן, — אויגן, וואָס נעמען דורך אַ האַרץ און וואָס קענען קוקן דער זון אין צורה אַריין אָן פורכט; אַ יונגער מאַן מיט הענט געשאַפן צום קאַמף פאַר אַלץ, וואָס איז גוט, און מיט פיס, וואָס זייערע קני בויגן זיך ניט אין דער גרעס־טער סכנה; אַ יונגער מאַן מיט ליבע פאַר אמת און רעכט, מיט מוט פאַר זיי צו קעמפן, מיט שכל, ווי אזוי דעם קאַמף צו פירן און מיט געדולד אין דעם קאַמף פאַר זיי צו בלוטן און צו ליידן. ער האָט עטלאַכע יאָר געבליט, האָט געררייפט און איז אויסגעוואַקסן אַ פּערכטיקער באַוואונדערנסווירדיקער מאַן. מיט אַמאָל האָט זיך אים פאַרוואָלט אויספּרובירן זיין קראַפט און אָפּנאַרן אַפּנאַ־רערס, און ער איז געגאַנגען פּלאַנצן אַ בוים אין אַ זומפּ. איך האָב אים געזען אַריינקריכנדיק און האָב מתרה ומודיע געווען, אַז ער וועט נאָר אַליין פאַרשמירט ווערן, אָבער פון זומפּ וועט קיין גוטע פרוכט ניט אַרויסוואַקסן. ער האָט מיר ניט געפאָלגט. ער איז געקראָכן. די באַטריגער האָט ער ניט באַטראָגן, אָבער זיי אים האָבן פאַרדאָרבן און פאַרשמירט, און נעכטן האָט מען אים

באגראָבן אונטער א חופּה אין א קירך, מיט א לאָרד פאר אן אונ־טערפירער. מען האָט אים רייך געמאכט און ער וועט איצט זיין א זומפּ־באוואוינער מיט אלע זשאבעס צוגלייך... ניין, איך בין ניט געגאנגען צו דיזער לעבעדיקער לויה, אָבער איך האָב גע־טראכט, אז אַף מיר מוז אויך האפטן דער פלוך פון קאסאנדרא. אלץ קומט אוים אַף מיינע רייד, אָבער מיר גלויבט מען ניט. אָ, עס איז מיר זייער ביטער אַפן הארצן.. אָט איז א צייטונג, אָט איז מיין אייניקל, לאָמיך זען וואָס אין דער וועלט טוט זיך.

***

כאַ־כאַ־כאַ! וואו נעמט מען זייטן צום לאַכן? די אירלענ־דער זעען זיך איצט ערשט ארום, אז זייער פירער פּארנעל איז א דורכגעטריבענער, אייגננוציקער דעספּאָט! זיי זעען זיך איצט ערשט ארום, אז א לענדלאָרד און א קאפּיטאליסט צונויפגעפּלאָכטן אינאיינעם קען ניט זיין קיין אמת'ער ארבעטער־פריינט! ווי בייז זיי זענען די הונגעריקע נארן! האָב איך דאָס ניט קלאָר און דייטלאך געזאָגט פאראוים מיט יאָרן צוריק? נאָר וואָס? האלט! לאך איך? ניט געלאכט... דאָ איז ווידער דער אלטער פלוך פון דער אלטער־יונגער קאסאנדרא: מיר און מיינע פּראָפעצייאונגען וועט קיינער ניט גלויבן, האָט קיינער קיינמאָל ניט געגלויבט. אצבע אלהים!

***

אָ, דער פארפלוכטער פלוך, פארפלוכט זאָל ער ווערן! ער האפטעט ניט אַף מיר אליין. הונדערטער חוץ מיר האָבן א כוח־הנבואה, וועלכער איז פארשאָלטן ניט געגלויבט צו ווערן. מיר זעען די צוקונפט קלאָר פאָראוים. מיר שרייען און מיר זאָגן: מענטשן, אין דלות פארזונקענע, ביטער ארבעטנדיק און לאָזנדיק כוחות און פראצע פאר אויסבייטער, שינדערס, טייוואָלים —

נעמט זיך צוזאַמען און ראַטעוועט זיך און די וועלט. וואָס אַ טאָג לייִנגער וועט אימער דער קאַמף קאָסטען מער און מער... נעמט זיך צוזאַמען, סטרייקט איינמאָל פאַר אַלעמאָל, אום צו באַפרייען די וועלט און די מענטשהייט און זיך!

הערט מען אונז, גלויבט מען אונז? ווייניק־וואָס, ברידער. צו אונז קלעפּט דער קאַסאַנדראַ־פלוך, הגם מיר האָבן קיין שום גאָט ניט באַטראָגן און קיין גאָט האָט זיך אין אונז ניט פאַרליבט.



## דער שווערד פון דאַמאָקלעס*)

אף דעם אינזל סיציליען איז דאָ א שטאָט סיראַקוזע. דאָרטן האָט אַמאָל געהערשט א טיראַן דיאָניזיוס — מיט א יאָר 2300 צוריק — און ער, ווי אַלע אַנדערע טיראַנען, האָט זיך גע־האַט פּאַראַזיטן־חניפּושניקעס. איינער פון זיי א געוויסער דאַ־מאָקלעס האָט זיך געוואָלט צומאַכן צו דיאָניזיוס און האָט אים גע־זאָגט, אַז ער, דער טיראַן, מוז זיין דער גליקלאַכסטער מענטש אין דער וועלט. אָרעמער דאַמאָקלעס! ער האָט פאַרגעסן — אפשר האָט ער קיינמאָל ניט געוואוסט — אַז טיראַנען איז אפילו צו חנפ'ענען געפערלאַך. דיאָניזיוס האָט אים דאָס גלייך באַוויזן. ער האָט, נעמלאַך, דעם חונף איינגעלאַדן צו א מאָלצייט, האָט פאַר אים אוועקגעשטעלט די זעלטנסטע און פיינסטע שפּייזן און משקאות, האָט אים אַרומגעשטעלט מיט אַלערליי בריליאַנטן און טייערע זאַכן, אָבער איבער זיין קאָפּ האָט ער פון באַלקן געלאָזט אויפהיינגען א בלאַנקן שווערד אף א פערדישן האָר, וועלכער האָט יעדן אויגנבליק געקענט אַראָפּפאַלן אף דאַמאָקלעס'ס האַלז און מאַכן א סוף פון זיין גליק און פון זיין לעבן. „אָ, באַפריי מיך פון דיזער גליקזעליקייט!" — האָט זיך דער דערשראָקענער דאַמאָק־לעס געבעטן. ער האָט דאַן פאַרשטאַנען צוויי זאַכן: ערשטנס, אַז דער פּוקס דאַרף וויסן ווי צו חנפ'ענען דעם לייב; און צווייטנס, אַז דער מלך, וואָס איז א חיה־רעה, לעבט אויך אין הוילע ציטער־ניש. — פון יענער צייט אָן איז דער שווערד פון דאַמאָקלעס גע־וואָרן א שפּריכוואָרט, וועלכער דריקט אויס די גרעסטע געפאַר דאָרטן, וואו דער געוואוינלאַכער צוזעער זעט דאָס העכסטע גליק

*) „אַרבעטער פריינד" 31טן מאַי 1889.

**
*

זונטיק פאַרנאַכט, אין אַ באַהאַלטענע שטעגעלע אין פּאַרק זיצן צוויי יונגע מענטשן — אַן ער און אַ זי. ער איז געזונט, שטאַרק און גרויס; זי איז מילד, ליבלאַך און שיין. ער איז אַלט אַ יאָר אַכצן; זי — אַ יאָר זעכצן.ביידע צוזאַמען זענען גליקלאַך, זייער גליקלאַך. דאָס זעט דער גרויסער בוים, וואָס שטייט נעבן זיי און בענטשט זיי; דאָס זעען די בלומען אינם בייט, וואָס שמייכלען צו זיי פון וויטן; דאָס זעט די זון אין הימל, וואָס גייט אונטער, זאָגנדיק: אַף ווידערזען, ליבע קינדער! ביז מאָרגן! ער און זי רעדן זייער ווייניק. זיין רעכטע האַנט איז אַרום איר טאַליע; איר רונדע, בלאָנדע קעפּעלע אַף זיין פּלייצע; זיין לינקע האַנט אין איר רעכטער, און זי שפּילט זיך מיט די פינגער פון זיין האַנט. זייער שפּראַך איז אַ לשון אָן ווערטער — די ליבעס־שפּראַך, און זיי פאַרשטייען זיך, אַזוי ווי די שטומע טויבן פאַרשטייען זיך. ווען דאָס האַרץ איז צו פיל, איז דער צונג באַוועגונגסלאָז און אמת'ע ליבע שווייגט. מיט אַמאָל הערט זיך אַ פּיפּס פון אַ פוינעלע. דאָס איז איר שטים.

„וואָס זאָגסטו, אַמאַליע?“ — פרעגט ער איר.

„איך? גאָרנישט“. — ענטפערט זי.

זייערע ראָזיקע ליפּן קומען צוזאַמען; ס'הערט זיך אַ שטילער, אָבער וואַרימער קוש און דאַן ווערט אַלץ פון דאָס ניי רואיק, שטיל. זיי זענען ביידע פאַרטראַכט, זיי האָבן קיינעם ניט אַף דער וועלט, אָבער ער האָט געזונטע הענט, ער וועט אַביסל מער צו־אַרבעטן, וועט... קורץ, אין אַ חודש צייט קען באַ זיי זיין חתונה... אָ, ווי גליקלאַך זיי זענען! דער קליינער ליבע־גאָט אַמור שמייכלט צו זיי פון אויבן, אָבער... אָ, אַ פלוך אַף דעם אָבער! אָבער אַמור איז אַ בלינדער גאָט, בלינד ווי די צוויי פאַרליבטע אַליין און ער זעט ניט, אַז איבער זייערע קעפּ הענגט דער שווערד פון דאַמאָקלעס! ער זעט ניט, אַז די געזונטע הענט מעגן אַ חודש נאָך דער

חתונה גיט האָבן קיין אַרבעט און אַז די ערשטע פּרוכט פון זייער הייליקער ליבע מעג געבאָרן ווערן אין תּפיסה...

***

דער ווינטער־פּאַלאַץ איז אויפגעראַמט. סענדער — דער די־אַניזיוס פון רייסן — איז לוסטיק. דימענטן און בריליאַנטן, פּראַכט און לוקסוס, שיינע בלאָע אויגן פון אויסגעבלוזטע דאַמען — אַ געדעקטער טיש, מוזיק און געזאַנג, און די אויסזיכט אויף בלוט, די האָפנונג אויף אַ קריג! פּוילן קרעכצעט — דער קרעכץ איז בעסער ווי אַ סימפאָניע פון בעטהאָווען, ווי גלינקעס אָן אָפּערא, ווי רובינשטיינס אַריען; דער פּויער זיפצט — סענדער איז אַנטציקט; ישראליק וויינט — וואָס קען זיין זיסער צו הערן; סענדער איז גליקלאַך! דער קרעכץ, דער זיפץ, דער געוויין, דאָס זענען געטלאַכע טענער, הימלישע מוזיק, אין אויער איז זיס, פאַר די אויגן פּראַכט און גלאַנץ, אין גומען רייצנדיקע שפּייזן און גע־טראַנקען. ער איז גליקלאַך, זייער גליקלאַך איז סענדער! און זשעליאַבאָוו איז טויט און גרעסער לעבט, און חוץ די ביבל איז אַלץ פאַרבאָטן, און דער רובל שטייגט און ביסמאַרק קען אייביק ניט לעבן! ווי גוט אים איז!

אָבער איבערן קאָפּ הייַנגט דער שווערד פון דאַמאָקלעס!

***

באַרמהאַרציקער גאָט! האָב רחמנות אויף די רייכע לייט! האָב רחמנות אויף די שופטן! דו ביזט זייער גאָט, דו האָסט זיי אוועקגעגעבן די וועלט, דו האָסט זיי פאַרזאָרגט מיט אַלעם גוטס, דו האָסט זיי געגעבן קאַרעטן, וואָס פירן זיי, פערד, וואָס טראָגן זיי; דו האָסט זיי געגעבן אייזלען צום רייטן, און אייזלען צום פאַראַכטן, און אייזלען, וואָס קניען זיך פאַר זיי; דו האָסט זיי געגעבן רייכע לייט'ס מיידלאַך פאַר ווייבער און אָרעמע לייט'ס

טעכטער פאַר מעטרעסן, דינסטן און גוווערנאַנטקעס ; דו האָסט זיי געגעבן געלט צום פאַרשווענדן, געלט צו פאַרשפּילן און געלט אַף צדקה ; דו האָסט זיי געגעבן זומער־הייזער און ווינטער־הייזער, טעאַטערס און באַלעטן, ביכער ניט צו לעזן און דעם שכל דערצו ; דו האָסט זיי פאַרזאָרגט מיט אַלץ אין דער וועלט, אפילו מיט פרעמדע אומגליקן אום צו פילן זייער גליק נאכהער ; דו מאַכסט שיפּברוכן, גרויסע שרפות, עקספּלאָזיעס אין קוילנגרובן, מלחמות, ערדציטערניש, אום זיי צו אַמוזירן, צו אונטערהאַלטן, זיי צו געבן שטאָף צום רעדן ; דו האָסט זיי אַלץ, אַלץ געגעבן, אָבער זיי זענען ניט איינגאַנצן גליקלאַך ; זיי פילן דעם גרויסן שטורם, וואָס הויבט זיך אויף, זיי לעבן אין ציטערניש, און אַ בת־קול קומט יעדן מאָרגן אַרוים פון דער גרויסער אַרבעטער־חורבה, וואָס הייסט זיי אויפהויבן די קאָפּ און ווייזט זיי דעם שווערד פון דאַמאָקלעס אַפן פערדישן האָר. זיי עסן, זיי טרינקען, זיי לאַכן, זיי זינגען, זיי טאַנצן און פאַרגינען זיך, אָבער זיי האָבן מורא...

בארמהאַרציקער גאָט, זע האָב רחמנות אַף די רייכע לייט...
די אָרעמע לייט וועלן זיך אַליין העלפן...



# טאנטאלוס*)

האמער דערציילט פון א געוויסן פריגישן קעניג טאנטאלוס, וועלכער האט געהאט אזוי פיל חן בא די געטער, אז ער פלעגט מיט זיי עסן בא איין טיש און הערן זייערע סודות. ער האט אבער געגן די געטער געזינדיקט און זיי האבן אים דערפאר פאר'משפט צו לעבן אין הונגער און דורשט, האבנדיק נעבן זיך וואס צו עסן און צו טרינקען. מען האט אים, נעמלאך, ארייננעווארפן אין א טייך, וואס איז געווען אין גיהנום, און דארטן איז פאר זיין מויל געווען קריסטאל־קלארע וואסער, וועלכע פלעגט צוקומען ביז זיינע ליפן און זיך צוריקציען, אזוי גיך ווי ער האט געוואלט א זופ טאן, בעת איבער זיין קאפ איז געהאנגען א צווייגל מיט די רייצנדסטע פרוכטן, וועלכער פלעגט זיך אויך ארופלאזן צו זיין מויל און פארשווינדן פונקט אין דעם אויגנבליק, ווען ער פלעגט וועלן א ביס טאן. ביז היינטיקן טאג איז געבליבן דער אויסדרוק „טאנטאליזירן", וועלכן מען געברויכט, ווען מען וויל זאגן, אז מען רייצט זיך מיט איינעם, דורכדעם וואס מען ווייזט אים גוטע זאכן און מען גיט אים ניט, אויב... האלט! וואס איז דאס?

***

א, בעטסי'ס לויה! איך האב איר זייער גוט געקאנט. א מערקווירדיקע מיידל: זי האט ניט פיינט געהאט די לאנדאנער פאגעס. נאך מער, זי האט זאגאר ליב געהאט דעם דיקן רויך־נעבל, די מכת־חושך פון לאנדאן. איר וועט באלד זען ווארום. בעטסי איז געווען אן ארימע יתומה פון געוועזענע רייכע עלטערן.

*) „ארבעטער פריינד", 27טן סעפטעמבער 1889.

זי איז אויסגעהאָדעוועט געוואָרן אין גרוים וואוילטאָג, אָבער נאָך איר מוטער'ס טויט (דער פאָטער איז געשטאָרבן מיט עטלאַכע יאָר פריער) איז זי אַף אַ קורצער צייט געוואָרן אַן ארבעטערן, און ווען זי האָט קיין אַרבעט ניט געהאַט, איז זי ביסלעכווייז געוואָרן אָרי־מער און עלנדער און מאָגערער — קורץ, אַן אָרים־מענטש. זי האָט פאַרלוירן פיל פון די ווייסע ציינער, די רויטע פאַרב פון די ליפּן, דעם גלאַנץ אין די אויגן; די שיינהייט פון פּנים, די קליידער פון גוף — אַלעס, אַלעס; אָבער ניט דעם שטאָלץ און ניט די לוסט צו די גוטע זאַכן, וואָס זי האָט איצט געזען און אַמאָל גע־האַט. זי פלעגט אַרויסגיין אין גאַס, זייער אָפט הונגעריקערהייט, פלעגט קוקן אין די גרויסע שויפענצטער פון די גרויסע לאַנדאָנער לאַדנס און פלעגט ווען דיזעס, ווען יענעס — ווען, ווען און ניט האָבן. איינמאָל האָט זי געהאַט אַ געלעגנהייט צו גנב'נען, אָבער די פורכט פאַר'ן געריכט האָט איר אָפּגענומען די הענט, און זי איז געבליבן ניט האָבנדיק. ווען זי איז אַוועק פון דעם שויִ־פענצטער, האָט זי זיך דערמאָנט אָן איר ליידיקן מאָגן. זי איז געקומען צו אַ רעסטאָראַן. עס האָט איר דערלאַנגט אַ האַס אין נאָז דער אַנגענעמער גערוך פון געשמאַקע שפּייזן. זי האָט זייער געוואָלט דערפרישן דעם גומען מיט אַ גוט שטיקל בראַטן, ווי אין די אַמאָליקע יאָרן, אָבער זי איז געבליבן באַם ווען. און איצט האָט מען איר אַרויסגעוואָרפן פון דירה. „מען מוז שלאָפן אין גאַס" — האָט זי בא זיך באַשלאָסן, ווייל בעטלען האָט זי ניט געוואָלט און באָרגן האָט זי ניט געקאָנט: אָרימע־לייט האָבן ווייִ־ניק־וואָס קרעדיט. יאָ, שלאָפן אין גאַס, אָבער דאָס איז ניט אַזוי לייכט, ווי דו מיינסט, בעטסי! זי האָט דאָס באַלד אַליין אויסגע־פונען. די ערשטע נאַכט האָט זי געוואַנדערט דריי־פיר שעה, ביז זי איז שטאַרק מיד געוואָרן. זי האָט זיך צוגעזעצט אַף אַ בריקל און האָט איינגעשלאָפן, און איר האָט זיך גע'חלומ'ט, אַז זי שלאָפט אין אַ ווייכער בעט אין דעם שיינעם הויז, אָבער אפילו דעם טרוים האָט מען איר צעשטערט; אַ פּאָליציייסקער האָט איר אַראָפּגע־טריבן פון טרעפּל. זי איז אַוועקגעגאַנגען. אַ יונגער מאַן איז

פארבייגעגאנגען, האָט זיך אין איר איינגעקוקט. „שכור!“ האָט ער אויסגערופן, און האָט זיך פון איר אָפּגעקערט מיט עקל. בעטסי איז ווייטער געגאנגען. זי האָט פּרובירט איינשלאָפן אונטער דעם וויאַדוקט אין האַלבאָרן; די פּאָליציי האָט איר פון דאָרטן אויך פאַריאָגט. זי איז אַרומגעגאַנגען ביז טאָג, וועלנדיק — וועלנדיק א שיינעם צימער, א שיינע קלייד, א גוטן מיטאָג, און דאן איז ווידער געוואָרן נאכט און בעטסי האָט אלץ ניט געהאַט, וואו צו שלאָפן. צום גליק איז געוואָרן א געדיכטער שווארצער פאָג — בעטסי האָט געדאנקט גאָט און דעם פאָג און האָט גענעכטיקט אונטער א בריק, ווייל די פּאָליציי קאָן ניט זען אָרימע לייט אין א פאָג. די צווייטע נאכט אויך אזוי און די דריטע האָט זי, ווי עס שיינט, זייער געשמאַק געשלאָפן און האָט געוויס געהאט א גאנץ זיסן חלום, אין וועלכן זי האָט פיליכט געזען פיל שיינע זאכן, אזעלכע זאכן, וואָס זי האָט שוין לאנג, לאנג געוואָלט און ניט געהאט. יאָ, זי האָט געמוזט זייער געשמאַק שלאָפן די דריטע נאכט, ווייל זי האָט זיך ניט געאיילט אויפצושטיין. א פּאָליציי־סקער איז געקומען, ווען דער פאָג — בעטסי'ס פריינט — איז אוועק; ער האָט איר געוועקט, אָבער זי איז ניט אויפגעשטאנען. בעטסי איז געווען טויט.

אָבער טאנטאליזירט ווערט זי איצט ניט מער.

***

באַ מיר איז ווי־אַמאָל. ווען איך זע די גרויסע ליידן פון די גרויסע מאסן, פארקלעמט מיר ציטנווייז דאָס הארץ. ציייטנווייז לאַך איך. אייגנטלאך איז עס דאָך לעכערלאַך, אז דער ריז מיט הונדערט טויזנט קעפּ, דער אַלמעכטיקער ארבעטער, זאָל שטילער־הייט הונגערן, שמאַכטן, ליידן, דערשטיקט ווערן אין שלעכטער לופט און שטארבן פאַר דער צייט; אז דער המון, דער אלץ־טוער, זאָל זיין דער גאָר־נישט־האָבער, און זאָל גיין מיט א ליידיקן מאָגן אין א שוואַכן לייב, באדעקט מיט קאָדרעס, ווען פאר זיינע אויגן

איז דאָ מער ווי גענוג קליידער, געטראַנקען און שפּייזען! וואָלט ניט יעדער געלאַכט, ווען אַ גבור ווי שמשון וואָלט געלאַסן געלעגן אַ געבונדענער אין שטריק, ווען ער האָט בכוח די שטריק צו צע־רייסן אַף שטיק־שטיקלאַך מיט איין מאַך מיט דער האַנט? איך קאָן באַגרייפען, אַז אַ מאַן, ווי טאַנטאַלוס, זאָל זיך לאָזן מוטשענען דורך אייביקן הונגער און דורשט: ער איז איינער און זיינע פאַר־פאָלגער זענען פיל; ער איז אַ מענטש, זיי זענען געטער. אָבער עטלאַכע מענטשן זאָלן פאַראורטיילן צו אַזאַ שטראָף גאַנצע מי־ליאָנען און די מיליאָנען זאָלן זיך ניט ווערן — דאָס באַנעמט מיין שכל ניט. די פילע זאָלן זיך לאָזן טאַנטאַליזירן פון די ווייניקע — דאָס איז לעכערלאַך, דעריבער מוז איך אָפּט לאַכן.

⁂

צייטנווייז אָבער פאַרקלעמט מיר דאָס האַרץ.

ווען איך זע די אַרבעטער'ס אומשולדיקע קינדער; ווען איך באַטראַכט אַ באָרוועסן אינגעלע מיט גלענצנדיקע פּייאיקייטן און קלער, אַז דער אינגל, וועלכער וואָלט אפשר געקאָנט ווערן אַ שעקס־ספּיר, וועט ווערן אַ גנב, און אַן אַנדערער, וואָס האָט אַ קאָפּ צו ווערן אַ קאָלומבוס, קאָן ווערן אַ רויבער; ווען איך זע די אַרבע־טער'ס אומשולדיקע עופ'עלאַך, ווי זיי וואַקסן אויף אידיאָטן, אויב זיי שטאַרבן ניט אין דער קינדהייט; ווען איך זע זייערע שיינע מיידעלאַך און קלער, אַז אין צען־פופצען יאָר אַרום... דאַן, ברי־דער, פאַרקלעמט מיר דאָס האַרץ.



## אַף דעם שיידוועג.

ווען אַ מענטש האָט אָפּגעלעבט אַזוי פיל יאָרן... האַלט אַ ווייַלינקע! האָט איר ווען־עס־איז אַ טראַכט געטאָן וועגן דעם וואָרט „אָפּגעלעבט“? אויב ניט, זענט איר ניט קיין פילאָזאָף. אין דעם וואָרט, קינדער, ליגט דער שליסל צו דעם גרויסן רעטעניש, וועלכן מען רופט די סאָציאַלע פראַגע. אָפּגעלעבט, פאַרשטייט איר, ניט געלעבט, ניט דורכגעלעבט, ניט אויסגעלעבט, ניט פאַרלעבט ווערט איצט דער לעבן, נאָר אָפּגע'פּטר'ט, אָפּגעלעבט. מענטשן ווערן געבוירן אַף דער וועלט, ווי גרייזן אין אַ דרוק, סתם אַזוי, דורך נאַכלעסיקייט, דעם אייגנטימער אַף להכעיס, זיך אַליין ניט צום פאַרגינען. אַזוי ווערן ניין פון יעדע צען געבוירן, און דאָן וואַקסן זיי, ווי די בייזע גזירה, אָדער ווי אַן אָרים־בחור'שער געשוויר, און דאָן קריינקן זיי, אום צו האָבן אַן אָפּוועקסלונג און מאַטערן זיך אַזוי פיל באַם לעבן, אַז ווען עס קומט צו דער גסיסה, האָבן זיי שוין קיין כוח ניט מער זיך צו מאַטערן, און שטאַרבן, האַבנדיק אָ פּ ג ע ל ע ב ט זייערע יאָרן — אָ פּ ג ע ל ע ב ט... זינגט דאָס אַרויס מיט אַ פּוּר אָדער, נאָך בעסער, מיט אַ שלשלת, ליבער לעזער; בלאָזט דעם וואָרט אַרויס מיט אַ תקיעה גדולה און גיט זיך צייט אים קלאָר צו פאַרשטיין. דער עיקר איז דער „אָפּ“, ווייל דאָס לעבן ווערט אָפּגעלעבט, ווי אַ קאַפּיטל תהילים (אָדער אַן אָרימאַן) ווערט אָפּגעזאָגט, ווי גלות ווערט אָפּגעריכט, ווי שלוש־סעודות ווערט אָפּגעגעסן: אָן אַ טעם אין עסן, אָן יושר אין געבן, אָן אַ טאָלק אין ריכטן, אָן אַ ניגון אין זאָגן, נאָר גלאַט אַזוי, עפּעס דורכגעשלעפּט זיך דורך דער וועלט, ווי אַ דראַטווע דורך אַ פייכטער פּאַדאָשווע, מיט גוואַלט, מיט אָנשטרייַנגונג, אָפּט פּלאַצנדיק אין מיטן ציען און זיך ציענדיק ווי אַ דראַטווע, דאָס

הייסט, פאַרשוואַרצטערהייט. פאַרשטייט איר נאָך אַלץ ניט, וואָס איך מיין? גוואַלט, הענט — וואו זענען אייערע קעפּ? איז דאָס אמת, וואָס מיין פריינט האָט אין אַ מרה־שחורה'דיקער בייזער שעה געזאָגט, אַז —

אַרבעטער האָבן ניט קעפּ אום צו דיינקן!
הענט צום דערלאַנגען נאָר, ניט אום צו נעמען.
פיס ניט צום גיין, נאָר דעם פאָרשריט צו דעמען,
קעפּ נאָר צו דאגה'ן, ברענען און קרענקן.

איז דאָס אמת? נאָר איך בין פאַרקראָכן אָן אַ זייט, ווי מיין שטייגער איז. וואָס איך האָב געוואָלט זאָגן, איז דאָס:

ווען אַ מענטש האָט אָפּגעלעבט אַ צייט אין לאָנדאָן... אין לאָנדאָן, וואו דער ווינט בייט זיך אַלע פאָר שעה, די רעגירונג אַלע זעקס יאָר און די יאָרעסצייטן עטלאַכע מאָל אַ וואָך; וואו עס זענען פאַראַן הונדערט קריסטלאַכע רעליגיעס, אַלערליי איי־דישע אמונות, מער קאַפע־הייזער ווי קאַפע־טרינקער, מער שיינ־קערס ווי געבערס, דריי באַרבירער אויף יעדן באָרד, דריי מיסיאָנערן אויף יעדן משומד, אָן ערך דרייסיק טויזנט צדקה־חברות, וועלכע דערנערן אַ מאַסע סעקרעטאַרן און אונטערשטיצן די פּנקס־פאַברי־קאַנטן, אַ חוץ וואָס זיי געבן צו לייזן דער רעגירונג פאַר מאַרקן.

וואו מענטשן וואוינען (און ווינען צייטנווייז) יעדע פאַמיליע אָפּגעזונדערט אין הייזלאַך, ווי די חיות אין נח'ס תיבה, ווי די וואונדן אין די הערצער, ווי די פּאָליטישע פאַרברעכער אין רוסי־שע טורמעס.

וואו די רעוואָלוציע און די רעאַקציע, דער גאָלד־בייטל און די טאָרבע טרעפן זיך אויף יעדער גאַס.

וואו די קאַלוואַריער קאַלעקאַטקע און דער קריסטלאַכער גלאָק פאַרטויבן איינער דעם אַנדערן, און די יאַרמולקע ווינקט שלום־עליכם צום טערקישן פעז, באַגריסנדיק אָן אַ זייט דעם כינעזישן

צאָפּ; װאו די בריװ־קאַסטנס זענען רױט און די בריװ־טרעגערס זענען בלײך, די אײנגעבאָרענע בלאַס און די אָנגעפאָרענע גרין, דער הימל ניט בלױ און די טעמזע ניט קלאָר; װאו יעדע הויז האָט אַ באַזונדערן קוימען פאַר יעדן קאַמין און דאָס לעבן גײט אַוועק מיט'ן רויך דורך אַ מיליאָן קלײנע אָפּגעזונדערטע קוימענס, פון װעלכע יעדער זעט אויס װי אַן איבערגעװאַקסענער קוגל־טאָפּ; װאו די פּאָליציײסקע טראָגן זײערע מאָרדעס אין רימענדלאַך, די דאַמען זײער קאַפּיטאַל אין די הענט, די סאָלדאַטן רויטע צװאַנגס־יאַקן, די שװאַרצע גלחים װײסע שלײפלאַך, די מײדלאַך פעלצענע בועס אין תמוז און געשװאָלענע אַרבל אַ גאַנץ יאָר; װאו מען טרינקט שפּיריטים מיט װאַסער ביודעים און מילך מיט װאַסער בלא יודעים; װאו יעדע קירך האָט אַרום זיך עטלאַכע שענקן און יעדער שענק אַ האַלב־טוץ ניט־דערגעסענע און איבערגעזופּטע אַר־בעטער מיט גיפּסענע פּיפּקעס אין מויל, װעלכע זענען געװײנטלאַך אַזוי פּוסט און קאַלט װי זײערע בעלי־בתּים'ס לעבן; װאו דער מיניסטער, װעלכער גלויבט ניט, זעצט אײן אַן ערץ־בישאָף, װעל־כער גלויבט אויך ניט, און ער, דער ערץ־בישאָף, זעצט װידער אַ נאָטאַריוס אײן, װעלכן אַנדערע גלויבן; װאו דער זונטיק איז אַ אידישער שבת און דער אידישער שבת אַ טאָג, װען די פעטע מײסטערס צאָלן אויס די מאָגערע װײדזשעס; װאו מען האַלט אין אײן פאַרזאַמען אַ צוג, אין אײן קורירן אַ קאַטאַר, װעלכן מען קריגט ניט, נאָר מען כאַפּט, װאָס דאָס באַװײזט, אַז דער „קאָלד" *) איז אַ װיכטיקער טײל פון דעם היגן קאַפּיטאַליסטישן סיסטעם; װאו עס דערשײנען יעדע װאָך דרײ ראָמאַנען און פינף דערשינענע פאַרשװינדן.

װאו... נאָר איך בין װידער פאַרקראָכן. װען דאָס שטיקל פּאַפּיר װאָלט ניט געװען פול געװאָרן, װאָלט איך װאַרשײנלאַך אַװעקגע'װאו'ט ביז איך װאָלט פאַרקראָכן אַפּ'ן פּלאַנעט יופּיטער...

*) פאַרקילונג.

מחשבות'ן! ריידנדיק פון פּלאַנעטן... אַן ענגלישער געלערנטער וויל האָבן, אַז אַף דעם פּלאַנעט מאַרס, וועלכן מיר, אידן רופן מאַדים, און וועלכער זאָל האָבן געמאַכט דוד המלך פאַר אַזאַ הול־טאַי, אַז אַף דעם דאָזיקן באַרס, וועלכער איז איבריגנס געווען באַ די גריכן דער גאָט פון מלחמות און איז באַ אונז, אידן, דער מלאך פון מחלוקות, אין שולן און אַנדערשוואו, — בקיצור, אַז אַף דעם זעלביקן פּלאַנעט מאַרס, פון וועלכן אַלס גאָט, לאָמיך אייך פּאַבייגייענדיק זאָגן, אַז האָמער דערציילט אַ מיאוס'ע מעשה מיט דער געטין ווענוס, וואָס דאָס באַווייזט, אַז גאָט איז אויך ניט מער ווי אַ מענטש, ווי אַ שדכן האָט אַמאָל געזאָגט, ווען מען האָט אים געכאַפּט באַ אַן אמת... בקיצור, אַז אַף דעם זעלביקן מאַרס איז דאָ אי וואַסער, אי שניי, דאָס הייסט, פליסיקע און פאַרגליווערטע וואַסער, ווייל שניי איז אייגנטלאַך וואַסער אביסעלע פאַרהאַרטע־וועט דורך קעלט, אַן ערך ווי די פּילאַנטראָפּיע איז פאַרגליווערטע צדקה. אפשר וועלן מיר נאָך דערלעבן צו האָבן לופט־באַלאָנען, וועלכע מען קאָן האַלטן אין צוויק, און דאַן וואָלט איך זיך פאַרגי־נען אַ יאַזדע צום פּלאַנעט מאַרס צו זען... ניט אויב דאָרטן איז דאָ וואַסער, נאָר צו זען אויב מען קנעט דאָרטן אויך ברויט אין בלוט, שוויים און טרערן; אויב דאָרטן איז אויך יעדע שטאָט אַ זווערינעץ פון געקרוינטע טיגרס, פון געלטזוכטיקע וועלף, פון קאַפּיטאַליסטיישע היענאַס, דיפּלאָמאַטישע פוקסן, רעליגיעזע פלעדער־מייז, קאָסמאָפּאָליטישע שפּאַנישע פליגן, און געקרוינטע פּיאַווקעס. צו זען, אויב דאָרטן איז אויך פאַראַנען איינגעמאַכטס פון אַרבעטער־געשווירן, געפּרעגלט אין ביבלישן האָניק און באַשאָטן מיט צוקער, וועלכער איז ראַפּינירט געוואָרן אַף מענטשלאַכע ביי־נער... נאָר איך קום אַלץ ניט ווייטער, אַ בייזער מזל דאָס איז אביסל! לאָמיר אָנהויבן פון דאָס־ניי.

ווען אַ מענטש האָט אָפּגעלעבט אַ צייט מיט יאָרן אין אַ שטאָט ווי לאָנדאָן און עס קומט דער טאָג, ווען ער דאַרף נעמען

דעם אײניקל, דעם העקל, דעם שטעקל און דעם פּעקל און זיך אװעקלאָזן אין מרחקים, דאַן דערמאָנט ער זיך ניט װילנדיק אָן... אָן דאָס, װאָס איר װעט לײענען װײטער.



## מיטן פעקל אפן רוקן.

**כסדר אזוי:** ווען א מענטש (א מענטש? געווים, וואס הערט איר בייזע צינגער; ווען, אלזא, א מענטש) לאזט זיך מיט אמאל אוועק אין מרחקים, אין לענדער מעבר לים, גייענדיק קיין אמעריקא, וועלכע קאלומבוס האט אנטדעקט און וועלכע וואנדער־בילט, אסטאר און זייערע שפאנישע, פארטוגעזישע און אנדערע ברידער באנוצן; ווען מען קלייבט זיך אהין... ליבע קינדער, עפנט די מיילער און הוסט זיך גוט אוים און מאכט זיך פריי דעם אטעם, ווייל איך מיין צו שרייבן א זאץ לייננער ווי א זאץ פון העגעל, אום צו באווייזן, אז א אידישער פילאזאף קאן זיין אזוי לאנג (כאטש ניט אזוי לאנגווייליק) אין זיינע שריפטן, ווי יענער דייטש להבדיל... ווען, זאג איך, א מענטש קלייבט זיך צו פארן קיין אמעריקא, —

וואו דער בלייכער לוין־ארבעטער האט ארויסגעשטופט דעם רויטן אינדיאנער; וואו די אייראפעאישע פראסטיטוציע האט פארדרענגט די ווייבערגעמיינשאפט פון די אמאליקע איינוואוינער פון פערו און אנדערע מקומות; וואו די האבונגעם האבן ניט קיין צייט צו לעבן און טוערם האבן ניט קיין לעבן פאר זייער צייט; וואו די הייזער הויבן זיך צו די וואלקנס און די מולערס, וועלכע האבן זיי געבויט, זינקן צען קלאפטער טיף אין דר'ערד; וואו די ווישנשאפט איז א דינסטמויד באם האנדל און די קונסט פוצט בא אים די שטיוול; וואו די ווייבער זענען מענער און די מענער אנטוועדער אלטע ווייבער, אדער ווילדע רויב־חיות; וואו קינדער פארשטייען א בערזן־באריכט און אלטע לייט די וויכטיקייט פון גוטער פאליציי מיט לאנגע קלעפיקע פינגער; וואו וויסקע שטימט

פאַר אַ דעמאָקראַט און בייערישע ביר פאַר אַ רעפּובליקאַנער און ביידע שטיצן זיך אַף „גרינע רוקנס“ פון ווייס פּאַפּיר; וואו מען גיט אויס אַ מיליאָן, אום אויסצוגעבן אַ טאָכטער פאַר אַ דיוק (הערצאָג), זיך ניט קימערנדיק וועגן דעם, וואָס מאַרק טווין לאַכט, אָדער וואָס דער אַלטער האָלמס מאָראַליזירט; וואו דער דאָלאַר איז אַלמעכטיק און דער אַלמעכטיקער — דער באַשיצער פון די דאָלאַריאַנער; וואו די פרייהייט שטייט אונטער פּאָליציי־שוץ און די גלייכהייט אַף פּאַפּיר, באַגראָבן אין ארכיוון; וואו מען האָט צוערשט געקויפט פון פּאָניע־גנב אַלאַסקאַ און דאַן גענומען במתנה זיין קנוט, אים שיינקנדיק און ניט פארקויפנדיק וואַשינג־טאָנ'ס נשמה; וואו דיכטער שרייבן אָביאַוולעניעס און זייערע מוזעס גייען נאָך די פּראָפּאַגאַנדיסטן פון זינגער'ס ניי־מאַשינען; וואו מען פאַרשפּאַרט פלייש אין בלעכענע קעסטעלאַך, אום דער אַמעריקאַנער ארבעטער זאָל עס ניט קאָנען עסן און דער אייראָ־פּייאישער זאָל עס ניט קאָנען פאַרדייען; וואו דער אָרימער אירלענדער פּויער ווערט אַ סאַלון־האַלטער, און דער „סאַלון־קיפּער“ אַ געזעץ־געבער; וואו אַ שטאָט ווערט אויסגעבויט אין אַ טאָג און האָט גלייך אַף מאָרגן אַ צייטונג, וועלכע פאַרשפּרייט אין איר ליגנס; וואו איין סאָרט אָקסן שטערט דעם פּראָגרעס און אַן אַנדערער — דעם צוג אַף דער אייזנבאַן; וואו מען פאַרגעסט, אַז בנימין פראַנקלין האָט דערפונדן דעם בליץ־אָפּלייטער, און מען געדיינקט, אַז ער איז געווען אַ קלוגער מוכר־ספרים'ניק; וואו פינקערטאָן *) פּאַסט אויף אַף די ווייסע און ריכטער לינטש אויף די שווארצע; וואו דער אויבערשטער זאָרגט פאַר אַלעמען און פולמאַן פאַר די רייכע; וואו דער סוחר איז אַ קאָפּ־מענטש און דער געלערנטער אַ סוחר — אין ווויסנשאַפט; וואו דער באַנ־קראָט איז אין דער היים, די ערלאַכקייט אַ לוקסוס־זאַך, ליבע — קאָנטראַבאַנד און פילאָזאָפיע — אַ שטער צו ביזנעס; וואו העס־

*) באַוואוסטע אַמעריקאַנער דעטעקטיוו־אַגענטור צו ברעכן סטרייקס.

טער סטריט לאַכט פון אונזער פּעטי־קאוט לייִן און דער גאַנצער דאון־טאון זאָגט, אז ווייטשעפּל איז אַ הונט לגבו אים.

ווען, אלזאָ, אַ מענטש אויף דער עלטער קלייבט זיך צו פאָרן (און פאָרט ניט צו קלייבן, ווי אַ אידישער מחבר) אין אַ זאַ מדינה, דאַן קומען ניט ווילנדיק אפ'ן מוח אלערליי געדאַנקען. דאַן דער־מאָנט מען זיך, אז דאָס לאַנד, וועלכעס מען לאָזט הינטער זיך, איז ניט נאָר אַ מער איינגעפונדעוועטע מדינה, אַן ערלאַכערע, אַ ציוויליזירטערע, אַ געפּילפּולערע, אַ פרייערע און מיט אלע אירע פעלערן אַ בעסערע, ווי דאָס לאַנד וואוהין מען גייט; אַז זי איז אויך אַ לאַנד, וואו מען האָט אמאָל געערדט וועגן דער גאולה, ווען די רעדנער זענען געווע[ן]זעקס נפשות און די צוהערער עטלאַכע און דרייסיק מיליאָנען, וועלכע האָבן אָבער ניט צוגעהערט און ניט אויסגעהערט, און היינט זענען די רעדנער צענדליקער טויזנטער און די צוהערער דאָס גאַנצע פאָלק; אז דער אמאָל איז געוועזן איינגאַנצן מיט פופצען יאָר צוריק און דער היינט איז היינט.

דאַן דערמאָנט מען זיך, אז מען איז געשטאַנען באַ דעם ווי־געלע, ווען די נייע צייט איז געבוירן געוואָרן; אז מען האָט איר איינגעשטילט, ווען דער ערשטער וויקלשנור האָט איר עפּעס ניט געפּאַסט און זי האָט זיך געוואָרפן מיט קולות; אז מען האָט געשריען: „צו לאַנגע לעבעדיקע יאָר“, ווען די דייטשע הייבאַם האָט געשאָקלט מיט'ן קאָפּ און האָט געבורבעלט אַ פאַרצווייפלטן „גאָט־וויים“; אז מען האָט צייטנווייז צוגעזונגען, צייטנווייז אונ־טערגעוויגט, צייטנווייז אויך אונטערגעהאָטשקעט (דאָס איז אַ מינסקער גלאַגאָל) און צייטנווייז זי איינגעשטילט, ווען עס האָבן זיך גענומען שניידן די ערשטע ציינדעלאַך.

דאַן דערמאָנט מען זיך אָן דעם רעדאַקטאָר פון „האמת“, וועלכער האָט איינגעפלאַנצט די רויטע פאָן אפ'ן שול־הויף און האָט זיך ארויסגע'גנב'עט פון דער וועלט; אָן די עט לאַכע אידישע אַרבעטער, וועלכע האָבן געלייענט אַ אידישע בראָ־

שורע *) אין כתב־יד מיט 15 יאָר צוריק און האָבן איר אין 6 יאָר ארום אָפּגעדרוקט; אָן דער גרופּע יונגע ענטוזיאַסטן, וועלכע האָבן זיך צונויפגעקליבן אין אַ קליינעם צימער אין אַ אידישן רעסטאָראַן און האָבן באַשלאָסן צו האָבן אַ צייטונג, וועלכע זאָל פאַרברייטן דאָס נייסטע ברית־חדשה; אָן די קאַמפן, די פריידן און די ליידן פון די אלדד'ס און מידד'ס, וועלכע האָבן מיטאַמאָל גענומען זאָגן נביאות.

דאַן דערמאָנט מען זיך אָן די פילע ליבע, ליבע געזיכטער, וועלכע האָבן מיט זייער פריינטלאַכן בליק, מיט זייער ווארימען האַנט־דרוק, זייער הארצלאַכקייט און זייער מיטגעפיל פארזיסט פיל ביטערע שטונדן פון... ווען מען מאַכט ניט אויס; אָן די ערדע־לע געשטאַלט פון דעם הערלאַכן כאַראַקטער פון דעם וויכטיקסטן אָפּפער צו דער שווינדזוכט — אָן ק. גאַלאָפּ; דאַן דערמאָנט מען זיך אָן די זיסע שטונדן, וועלכע מען האָט פאַרבראַכט מיט מענטשן, וועלכע האָבן אפשר ניט קיין גרויסע בילדונג, ניט קיין באַזונדערע העלדן־טאַטן אין זייער לעבן, אָבער ליבע, אומענדלאַכע ליבע, ניט פאַרביטערט, ניט פאַרדאָלאַרט, ניט פאַרפּוצט און ניט פאַרשמוצט, ניט דורך געלט און ניט דורך אייגננוץ, אַזעלכע ווי עס האָט באַ־דאַרפט דער אָרימער אַלטער פילאָזאָף, וועלכער האָט אפשר ניט אימער געערדט זייער סקלאַדנע, וועלכער האָט פילייכט פיל גע־זינדיקט, אָבער וועלכן מען וועט (ווי אַ רוסישער דיכטער זאָגט) פיל פאַרצייען, ווייל ער האָט פיל געליבט...

---

*) „יהי אור", פון מאָרים ווינטשעווסקי.

# די גרעבער און א באַגראָבענע.

מענטשן לאָזן זיך אראָפּ אין א טיפע גרוב און גייען אָפטמאָל געבויגן אין דרייען, מײלן־ווייז אונטער דער ערד, איינער מיט א לאָם, דער צווייטער מיט א רידל, דער דריטער מיט א האַק, דער פערטער, פינפטער, זעקסטער מיט אנדערע געצייג. דאָרטן גראָבן זיי, ברעכן זיי, האַקן זיי ביז זיי קריגן ארויס פון דער מאַמע־ערד'ס שוים הויפנס קוילן. דאָס לאָדעוועט זיי אָן אף וועגעלאַך, פירן זיי אָפטמאָל ווידער געבויגן אין דרייען, ביז זיי קומען צו צום האַלז פון גרוב, וואו זיי לאָדן אוים די וועגעלאַך, און לאָדן אָן א קאַסטן, און ווינדעוועט עס ארויף ביז צום מויל פון גרוב, און לאָזן עס אוועק אין אַלע פיר ווינקעלאַך פון לאַנד.

ווען דער טאָג ארבעט איז געענדיקט, ווינדעוועט זיי זיך ארויף אויבן און גייען פאַרמאַטערטהייט, פאַרשמירטערהייט אַהיים. צייטנווייז טרעפט זיך א סיבה: די גרעבער ווערן באַגראָבן, די האַקערס ווערן צעהאַקט, די ברעכער ווערן דערשטיקט. דאַן קומען זיי אַהיים עטלאַכע טעג שפּעטער גע'הרג'עטע און דערשטיקטע, און זייער היים איז ניט וואו ווייבער און קינדער וואוינען, נאָר וואו אַלמנות און יתומים וויינען, די לעצטע היים, די היים פון וואַנען זיי וועלן זיך ניט ארויסקרוישקענען דעם קומענדיקן חשון, פון וואַנען מען וועט זיי ניט ארויסוואַרפן, סיידן דער פּלאַץ וועט נויטיק זיין פאַר א נייער אייזנבאַן.

דאַן ווערט אַף א טאָג אָדער צוויי א שטיקל גערודער אין דער מדינה. די צייטונגען, וועלכע לעבן פון שרייען, ווי אַמאָל די מקוננות, די קלאָגערינס פון מצרים, הויבן אויף א געשריי, א גע־פילדער, און אויב עס פּאַסירט ניט אין דער צייט, ווען דזשעק

דער ריפּער מאכט עפּעס אַ קונץ, אויב עס ברענט ניט אָפּ אַ שיקאַגאָ; אויב עס שטאַרבט ניט ערגעץ־וואו אַ גלעדסטאָר; אויב אַן אַמעריקאַנער רויבער־באַנדע אַנטלויפט ניט מיט אַ צוג פון 20 וואַגאָנעם; אויב אַ בית־מדרש קייקלט זיך ניט אַוועק פאַר דער גאולה קיין ארץ־ישראל; אויב מען געפינט ניט אויס, אַז רויטשילד גייט אין פראַנקפאָרט מיט אַ טאָרבע איבער די הייזער; אויב די וועלט אָרדנונג ווערט ניט געשטערט דורך דעם, וואָס אַ סענאַטאָר פון די פאַראייניקטע שטאַטן ווערט מיטאַמאָל ערלאַך; אויב עס גייט ניט וואו־עס־איז אונטער אַן אומפאַרזיכערטע שיף; אויב רוסלאַנד איז שטיל, פראַנקרייך רוהיק, דייטשלאַנד פריש און געזונט מיט אַלע אירע עטלאַכע־און־צוואַנציק געקרוינטע קעפּ, אויב ענגלאַנד איז פריי פון „דזשענעראַל־עלעקשאָן־קדחת" און די אַנדערע מדינות קומען ניט אויפס־ניי באָרגן געלט, — דאַן ווערט פון דעם צייטונגס־געשריי וועגן די דערשטיקטע און באַגראָבענע אַ געררייד צווישן מענטשן און מען האָט אַ סך רחמנות אויף די טויטע, און אביסל רחמנות אויף די לעבעדיקע, און מען העלפט די אַלמנות און די יתומים, די מיט אַ זיפץ, יענע מיט אַ קרעכץ, פיל מיט אַן עצה, אייניקע מיט וואָירקהויז, און זיי ווערט אַלעמען גוט צו־מוט, פריילאַך אפן הארצן, פול אין מאָגן, וואַרים אין לייב, די וועלט ליב און יענע וועלט זיכער, ביז אַלע פאַרשטיין, וואָס 19טער יאָרהונדערט פון קריסטנטום האָט צו באַטייטן, וואָס עס הייסט צו זיין געקנעטן און געבאַקן אין נעקסטן־ליבע, געהויבן פון סער־מאָנס אָנשטאָט פאָטאַש, באַשמירט מיט פּליסנדיקע הימנען אָנשטאָט בוימאויל, באַזעצט מיט תהילים־צערנישקע, דורכגעדרונגען מיט זאַפראַן־פּאָעזיע און אויסגעבאַקן מיט דער היץ פון דער הייליקער אמונה, פון וועלכער יעזוס איז געשטאָרבן און זיינע חסידים לעבן.

און דאָך (וואָלט דאָס וועגן געגלייבט, ווען מען זעט עס ניט

אַליין מיט די אייגענע אויגן? און דאָך) האָבן אַז ערך דריי הונ־דערט טויזנט גרעבער דאָ ניט לאַנג אין ענגלאַנד ניט געוואָלט גיין אונטער דער ערד, ווייל מען האָט זיי געוואָלט אַראָפּרייסן אַ פערט־חלק פון זייער לוין. איך וואָלט אייך דערציילן אַלץ וואָס דאָ האָט פּאַסירט, די עקשנות פון די גרעבער און באַגראָבער, ווי דאָס איז אַלץ געקומען און ווי דאָס איז אַלץ אַוועקגעגאַנגען און וואָס דער מוסר השכל דערפון איז, נאָר איך קאָן ניט, ווייל איך האָב די פאַרגאַנגענע נאַכט שלעכט געשלאָפן, און די פאַרגאַנגענע נאַכט האָט געדויערט שיינע עטלאַכע וואָכן. און שלאָפנדיק אומ־רוהיק, האָב איך געהאַט אַ בייזן חלום.

מיר האָט זיך אָפּגעדוכט, אַז אַף אַ בעט איז געלעגן אַ יונגער פערזאָן, אַ מיידל פון איין־און־צוואַנציק יאָר. לעבן איר איז גע־שטאַנען דער מלאך־המות פון איין זייט און אייניקע הימלס־גע־שטאַלטן פון דער אַנדערער זייט. איך האָב געהערט, ווי זיי האָבן מיט אים גערעדט.

די ערלאַכקייט האָט געזאָגט: דו האָסט קרבנות גענוג, שאַ־נעווע דאָס יונגע באַשעפעניש. זי האָט מיך געליבט און איך האָב געפונען שוץ אונטער איר קראַנקן הארצן. זי האָט מיך פאַרטיי־דיקט און האָט מיינע לערן שטילערהייט פאַרשפּרייט. לאָז מיר איבער מיין קינד!

ער, דער טויט, האָט געשוויגן.

די פרייהייט האָט געזאָגט: דו האָסט פון מיר אַוועקגענומען ליבהאָבער און קעמפער גענוג; לאָז מיר אָט־די איבער. די קנעכטשאַפט, דיין בעל־הבית'טע, וועט גאָר ניט ריידן: זי האָט פאַר אָט־דער שטילער, קראַנקער, יונגער, אומבאַוואוסטער פערזאָן קיין מורא ניט. מיר, אָבער, איז זי ליב און טייער, נעם זי ניט אַוועק; נעם זי ניט צו!

ער, דער טויט, האָט געשוויגן.

די ליבע האָט געזאָגט: דו האָסט פון מיר גענוג הערצער גע־רויבט, לאָז מיר אָט־די איינציקע אַף אַ קורצער ווייל איבער. איך האָב אין איר געפונען אַ וואַרימען נעסט און זי האָט מיך געהאַלטן

הייליק און טייער פאַר דער גאַנצער מענטשהייט. דער מענטשן־האַס, וועלכן דו דינסט, וועט זיך וועגן איר ניט קימערן. אין דעם קראַנקן האַרצן בין איך שטיל, כמעט שטום, הגם שטאַרק. אַ פּולס־שלאָג איז ניט אַ גלאָק; ניט יעדער פאַרשטייט אַ הייליקן ליבנדיקן פּולס־שלאָג; דיין בעל־הבית האָט גענוג קירכן־גלאָקן, גענוג צייטונגס־טרומפּייטן, גענוג פּרעדיקער־צינגער, גענוג מאָרד־באַראַבאַנעס צו פאַרהילכן, צו פאַרטויבן אַזאַ שוואַכן, קראַנקן, שטילן פּולס, ווי העפּטיק ער זאָל ניט קלאַפּן. לאָז מיר איבער אַט־די יונגע צאַרטע ברוסט.

ער, דער טויט, האָט געשוויגן.

ווען איך האָב זיך אויפגעכאַפּט, בין איך געשטאַנען אַף אַ בית־עולם און איינע פון מיינע געליבטסטע געשטאַלטן איז געווען פאַרשוואונדן אונטער דער זעלביקער ערד, וועלכע פאַרשלינגט די פיל טויזנטער אָרימע גרעבער. איך האָב זיך דערמאָנט, ווי איר זעט, אָן זיי, אָבער מיין האַרץ איז געווען צעבראָכן און מיינע גע־דאַנקען פאַרהילט אין דעם טומאַן פון דער לאַנגער פינצטערער נאַכט, וועלכע האָט געדויערט שיינע עטלאַכע וואָכן.

האָט אַלע אַ גוטן יאָר, עס איז שוין צייט!



## ווי איך קום צו די ראַמאַטעס.

פּראָסטע הײמישע ראַמאַטעס איז גענוג שלעכט, אָבער דער אַמעריקאַנער ציוויליזירטער רהעומאַטיזם איז נאָך ערגער. אין דער ליטע, אין פּױלען, אָדער אין זאַמוט קען מען זיך לכל הפּחות פאַרגינען צו ליגן אין קאַליישע — פרעגט מיך ניט, וואָס דאָס באַדייט, איך וויים אַליין ניט — ווען דער פינצטערער מזל ברייננט דערצו. דאָרטן האָט מען אַף אַלץ צייט. אין דער וואָכן דאַרף מען זיך דאָרטן ניט איילן און שבת טאָר מען ניט. דאָרטן גייט מען זיך געלאַסן אין שול און מען געפינט צייט פאַר לאַנגע והוא־רחום'ס דורכ'ן וואָך, פאַר אַ פּרק משניות נאָכ'ן דאַווענען, פאַר דאַפעלטע יקום פורקן'ס יעדן שבת, פאַר מעמדות און קעלבערנע יוצרות און וואָס איינעם זאָל זיך ניט פאַרגלוסטן, זאָגאַר אַן עקס־טראַ צענדליק קדושות, ווען דער חשק איז גרויס. דאָרטן נעמט מען זיך צייט צו שנעלן עטלאַכע מינוט מיט'ן מיטלסטן פינגער די טאַבאַק־פּושקע איידער מען קנייפּט אַרויס דעם שמעק, וועלכן מען טראָגט דאַן צו, מיט דערזעלבער געלאַסנקייט, צו די רויטלאַך־שוואַרצלאַכע נאָזלעכער, מיט וועלכע אַ דיקער רוסישער שכור'ער פּאָסטאַליאָן טראָגט צו אַן אָטקריטקע*) צו אַן אָרימער דינסט־מיידל.

דאָרטן איילט מען זיך ניט געבוירן צו ווערן: קיינער לאָזט זיך ניט אַרויסשלעפּן מיט צוואַנגען, אַזוי ווי ער וואָלט געווען אַ לעבערדיקער צאָן, אָדער אַ פאַרראָסטעטער נאָגל אין וואַנט. דאָרטן איילט מען זיך ניט צו לעבן: „מאי בהאי? פּאָספּייענען, פּאָס־

*) פּאָסטקאָרט.

פייענען — זאָגט איצט חיה ציפּקעס — אַף אַלץ אַ צייט, מנחה בזמנה איז בילכער". און ווי מען איילט זיך ניט צו לעבן, אַזוי איילט מען זיך ניט צו שטאַרבן. זעלטן ווער עס פאַרפלוטעוועט זיך און מאַכט פּלוצלונג אַ שטאַרב, אַ שטייגער איינס, צוויי, דריי — און ניטאָ. די מייסטע מענטשן גייען זיך אוים מיט די כוחות אַזוי לאַנגזאַם, ווי ר' ישראל סאַלאַנטער פלעגט אויסגיין שמונה־עשרה, און טאַקע עפּעס אַזוי הינטער־ווייַלאַך, מיט געמאָסטענע טריט, מיט'ן רוקן צום טויט, פּראָגרעסירנדיק ווי די אַמעריקאַנישע פּרייהייט. רואיק, לאַנגזאַם גייט מען זיך אוים, זיך האָבנדיק אָפּגעשמילקעט אַ גאַנצן לעבן ווי אַ גראָשען ליכטל פרייטאָג־צו־נאַכט, ווען זי טאָר ניט געפּוצט ווערן. לאַנגזאַם גייט מען זיך דאָרטן אוים מיט די כוחות — ווער פון סטאָלערייַ, ווער פון קנעלן, ווער אַזוי גלאַט פון דלות. פון איילן זיך ווייס קיינער ניט, סיידן עס קומט צו יזכור און מען האָט נאָך עלטערן, אָדער עס האַלט ניט ווייט פון נאַבאָר *) און מען איז אָרים, אָדער מען פאַרשלאָפט צו די ערשטע סליחות, אָדער מען האַלט אין „אַכטעלע", ווען עס פאַלט אַריין אַ געווינס אין שטעטל און דער קאָלעקטאָר זעט זיך עפּעס ניט, אָדער מען דאַרף אַ שפּרייז טאָן איבער'ן גרענעץ, אָדער באַ אַנדערע אַזעלכע וויכטיקע ענינים און געלעגנהייטן, וועלכע איך וואָלט געקאָנט אויסרעכענען, ווען איך וואָלט ניט געדאַרפט קומען צו די אַמעריקאַנישע געבילדעטע ראַמאַטעס.

דאָ אין אַמעריקע קענט איר זיך ניט פאַרגינען צו מאַרודזענען אַפּן געלעגער, ווען איר קריגט דעם ציוויליזירטן רעומאַטיזם, דאָס הייסט, ווען ער קריגט אייך. שוין גאָר ניט ריידנדיק דערפון, וואָס די בעטן זענען דאָ נאָר באַנאַכט בעטן, ווייל אינדערפרי זענען זיי געוואוינט זיך צונויפצושטעלן און ווערן אַלמערס, אַקוראַט ווי אַ היימישער מלמד איז נאָר אַ מקרא־דרדקי דורכ'ן זמן און הויבט זיך אויף בין הזמנים פון בענקל, לייגט אַוועק די צופּ־

*) פריזיוו.

לינע, דעם טייטל מיט אַלע הענטשקעס פון די ספרים און ווערט אַ שדכן, — שוין גאָר ניט ריידנדיק דערפון, איז דאָ גלאַט ניטאָ קיין צייט צו קריינקען, ניט אין „ביזע"־צייט, ווען מען דאַרף זיך כוואַטעווען קעגן די מאַשינען, און ניט אין „סלעק"־צייט, ווען מען לויפט אַרום, זוכנדיק אַ „דזשאָב". האַסטיק לעבט מען דאָ! צום שוואַרץ־יאָר גייט מען מיט'ן עקספּרעס־צוג 50 מייל אַ שטונדע, און ווען עס קומט צום שטאַרבן, טאָר מען דאָ ניט מאַכן קיין שהיות. דער היגער מלאך־המות איז ניט אַ מינסקער בית־דין־שמש: ער וואַרט ניט ביז איר וועט זיך אויסכוואַראַבענען, פאַנאַנדערשיקן שטאַפעטן צו גוטע אידן און צו טאָקטערס, אויספּרובירן אַלע באַבסקע רפואות, סגולות און מיטלען, וועלכע נעמען אַוועק דעם ווייטאָק ווי מיט אַ האַנט, ביז איר וועט איבערבייטן דעם נאָמען און לאָזן אויסזאָגן אַלע יענע קאַפּיטלאַך תהילים, וועלכע האָבן אַ קורירנדיקע ווירקונג, זיך דאַן ערשט געמיטלאַך אויסציענדיק צו יציאת־הנפש.

דאָ מאַכט מען ניט אַזעלכע עסקים. דאָ איז צייט געלט און געלט אַלץ: ליבע, לעבן, לאָבונג; קעניג, סצעפּטער, קרוין און טראָן; גאָט, די שכינה און אַלע מלאכים. דאָס איז וואָס געלט איז דאָ, אין אַמעריקע, אין אַסטאַריאַ, אין גאָלדלאַנד, און אָט־דאָס געלט איז דאָ צייט און זי איז צו טייער צום שאַלעמייזענען באַ ראַמאַטעס. „מעיק הייסט, האַררי אַפּ!" *) שרייט דאָ יעדערער. דאָ ציקלט זיך ניט דער חזן שבת אין די קדושות: מען דאַרף גיין פון שול אין סטאָר אריין (געפרישטיקט האָט מען פאַר'ן דאַווענען, ד. ה., נאָכ'ן פאַר־אַכט־טאָגעדיקן). דאָ שרייבט מען ניט מיט געצאַצקעטע, געשליינגלטע, אויסגעטאַראַראַמקעטע, ווענזעגאַלער צוקעס און דאָ באַגייט מען זיך אָן דריי־עלן־לאַנגע לכבוד'ס אַף בריוו; דאָ לעבט מען אָן אָן אָפּשטעל, שטאַרבט מען אָן וידוי און אַפילו דער מלאך דומה נעמט אייך ניט ווי אַ רוסישער סלעדאָוואַטעל לאַנגזאַם אָפּ'ן דאָפּראָס; ער פּילט איינפאַך אויס אַ

*) שנעלער, היילט זיך צו!

געדרוקטן „בלענק“ און זאָגט: שרייב אונטער, און איר חתמ'עט זיך און א סוף. דאָ טוט מען אַלץ אַף גיך, חוץ א שידוך, ווייל דאָ געפינט א יונגערמאַן איינפאַך ניט די צייט צו גיין און ווערן א באַלעבעסיל.

אָבער אייך אינטערעסירט מיין ראַמאַטעם. איך וועל אייך דערציילן. אָ, יאָ! איר מוזט דאָס וויסן. מיך פרייט צו זען, אַז איר הויבט זיך אָן צו קימערן וועגן א פּרעמדער קריינק. דאָס באַווייזט, אַז איר זענט ניט אַזוי שלעכט... וואָס איז דאָרטן פאַר מוזיק אין גאַס? לאָמיך גיין זען. דערציילן וועל איך אייך, אָבער האָט געדולד. איך אייל זיך ניט, איך בין — געלויבט זיין הייליקער נאָמען — דערווייל נאָך ניט קיין אַמעריקאַנער. אביסל געדולד, ברידערלאַך! אי, וויפיל באַראַבאַנעס זיי מוזן דאָרטן האָבן, עס טראַסקעט ווי צו תחית־המתים!



## חענט און פים אין סטרייק*)

הייסט עס, איר זייט טאקע אַזוי פריינדליך און ווילט וויסן ווי אַזוי איך בין געקומען צו די ראַמאַטעם ? פרעגט מיך א גרינגערע זאַך. איך ווייס נאָר, אַז פריער האָט עפּיס דער לינקער פּוס גענומען שטייף ווערן (ווי אַ בשמים־קרעמערל ווען ער קריגט אַ ירושה), דאַן האָט זיך דער רעכטער פוס אָפּגעזאָגט פון דינסט, אָבער ניט ארויסגייענדיק אָרגאַניזירט מיט דעם ברודער ארבעטער אף א סטרייק, א שטייגער ווי איינער זאָגט: „מיר האָבן דיך גע־טראָגן אויף זיך אַן ערך פון זיבעציק יאָר, — דיך מיט דיין בור־זשואַזנעם אייביק הונגעריקן מאָגן, מיט דיין אַריסטאָקראַטישן פּוסטן הארצן, מיט דיין רעגירנדן דעספּאָטישן קאָפּ, וועלכער האַלט אין איין קאָמאַנדעווען מיט זיין מוח, מאַכן תנועות אַלערליי מיטן פּנים, אויסשמעקן וואו עס איז נאָר עפּעס דאָ וואָס צו לאַט־כענען מיטן נאָז, און בייסן מיט די האַבגיריקע ציינער, וואָס דער נאָז שפּיאָנעוועט נאָר אויס, — בקיצור מיר האָבן דיך לאַנג גענוג געטראָגן אף זיך, אַלטינקער, איצט זענען מיר מיד און מיר ווילן מער ניט און באסטא !“ דאָס האָבן זיי ניט געטאָן. איינציקווייז האָבן זיי אויפגעהערט צו ארבעטן, פריער דער לינקער, דאַן דער רעכטער, ניט ווייסנדיק איינער פון דעם אַנדערן, כמעט ניט וויסנדיק, וואָס זיי טוען. זיי האָבן זיך איינפאַך אַ קרים געטאָן. דאַן זיינען זיי שטייף געוואָרן, דאַן האָבן זיי גענור־מען עדערן, אַליין האָבנדיק די זעלביקע שמערצן, וועלכע זיי האָבן מיר אָנגעטאָן. דומע פּים ! ווי סקעבס געאַרבעט

*) „דער אמת“, באָסטאָן, 28טן יוני, 1895.

א גאנצן לעבן, ווי סקעבס צוריקגעקומען צו דער ארבעט, איינער נאָך דעם אנדערן, אָן באדינגגונגגען, זיך איינפאך פארלאָזנדיק אף מיין יושר, אז איך וועל זיי אין דער צוקונפט בעסער באהאנד־לען.

און דאן האָבן די העגט געסטרייקט און אף דעמזעלביקן אופן. אף זיי האָב איך מיך אָבער ניט געוואונדערט. אלטע מינסקער העגט, וועלכע זענען קיינמאָל ניט געוועזן וואָס מען רופט דאָ פעקטאָרי־העגט, זענען נאטירלאך געבאָרענע סקעבס ! יונגע אמע־ריקאניזירטע זענען אָפט אויך ניט בעסער.

אָבער יאָ אָרגאניזירט, ניט אָרגאניזירט (צו וועלכע ווערטער מען געוואוינט זיך צו אין דער פרעמד ! נאָך אין עטלאכע יאָר ארום וועל איך מסתמא גאָר איינגאנצן ווערן א פרעמד־ווערטער־בוך אף צוויי סקעב־פיס. א קשיא אויף א מעשה ! אין ניו יאָרק איז דאָ א יונגער מאן, וועלכער רעדט עטלאכע — אן ערך פון זעקס — שפראכן אף אמאָל, אָבער דער עסק שיינט אים ניט צו פאָליובען, און ווען ער ווערט אויפגערעגט, ברעכט ער זיי רוקן־און לענד, לאָזט אין זיי א גאנצן וואָרט ניט, ווייל ער ליידט מער פון זיי ווי זיי פון אים, וואָס דאָס פאסירט מיר אליין צייטנווייז מיט מיינע ציינער. דעם יונגן מאן איז דאָס, ניט פאר אייך געדאכט, געקומען פון זיך ארומוואלגערן אין דער פרעמד, אין אלערליי מדינות, ווי דער משולח האָט געזאָגט ווען מען האָט געפונען דאָס גאנצע ארץ־ישראל געלט אין זיין תפלין־זעקל און די תפלין אונ־טערן בעט. אָבער איך פארליר וואו איך האלט. איך זאָג. וואָס זאָג איך ? יאָ!).

אָרגאניזירט אָדער ניט, די העגט אזוי גוט ווי די פיס האָבן מיך באהאנדלט ניט בעסער ווי זיי וואָלטן פארנינפטיק געסטרייקט. אָט וויל דער מוח, דער פאָרמאן אין מיין געדאנקן־פאבריק, ד. ה. אין קאָפּ, דיקטירן א שטיק פילאָזאָפיע. די רעכטע האנט רירט זיך ניט פון אָרט. דער מאָגן ווידער שיקט ארויף א טעלעגראמע צום גומען :

„בין פּוסט. הייס צונג בעטן טעלער זופּ.
„הענט וועלן געבן. אָבער שנעל!"

מען בעט, און די הענט — שטייף ווי אן איינגעקרעמפּעוועטע מיידעלשע טאַליע, כאָטש צוהאַק זיי, זיי גיבן זיך ניט א ריר. שרייט דער צונג: ס'טייטש, גזלנים! איר וועט דאָך איינגאַנצן אָפּגעגנר־מען ווערן ווען דער מאָגן זאָל ניט קריגן זיין פּאָרציע! שריי צו דער וואַנט. זיי סטרייקן און אַ סוף! די לינקע האַנט ווערט ענדלאַך אַ ביסעלע ווייכער און פּרובירט נאָך ווייניקסטענס סקעבן, אָבער זי איז אַ שלים־מזל און גיסט אויס די זופּ אין בעט און דער מאָגן קריגט ניט א לעק. דערווייל ווערט די רעכטע האַנט אליין געשוואָלן און פאַרשטייט ניט אַז אַנשטאָט מיר צו עדערן און אליין צו האָבן יסורים האָט זי געדאַרפט פון אָנהויב אָן פאַרלאַנגען באַשטימטע ארבעטס־שטונדען און זיך אַזוי פּאַראייניקן מיטן מאָגן, אַז ער זאָל ניט זיין אן אויבערהאַר און א הוילער פרעסער, נאָר א ברידערלאַכער מיטווירקער מיט די איבריקע מיטגלידער פון דעם אָרגאַניזם, צו ערפילן זיין פליכט און צו קריגן זיין רעכט.

אָבער ווי די מעשה זאָל דאָרטן ניט געוועזן זיין, איך האָב דאָ אף דער עלטער א שיין ביסל אויסגעשטאַנען, דאָס הייסט, אויסגעלעגן. איין אָוונט, געדיינק איך, האָב איך מיך אַזוי שלעכט געפילט, אַזוי אונבעהאָלפן, אַז מיר האָט זיך געדאַכט, אַז מיר איז ערגער ווי עס וואָלט געוועזן ראָטשילד'ן מיט אלע זיינע מילע־מיליאָסן, ווען די ארבעטער וואָלטן זיך מיטאַמאָל אלע אנטזאַגט פון באַקן, קאָכן, נייען, און טאָן אלעס דאָס פאַר אים, וואָס ער באַדאַרף צו לעבן. יענעם אָוונט האָט מיט מיר פּאַסירט א וואונדערבארע זאַך. הערט אויס. איך בין געוועזן איינגעדרימלט... אייניקע... אָי, מאַכן די קינדער גוואַלדן אויפן גאַס! פונקט ווי יענעם אָוונט. בין, אלזאָ, דאַן געוועזן נאָר־וואָס איינגעדרימלט אַזייגער זיבן פאַרנאַכט... פריער האָבן זיי מיך ניט געלאָזן שלאָפן, — די לאַידאַקעס, און איך האָב מיך לאַנג אף זיי געערגערט, פלוצלונג האָט זיך מיר געדוכט, אַז איך הער צווייערליי שטימען אין גאַס: א כאָר

פון קינדער פיפצענדיק ווי פויגעלאך, באפרייטע פון זייער שטייג פון איין זייט, און א קול ווי פון א בייזע בת־היענה פון דער אנדער זייט. דא האט מען אזוי ווי גערעדט און דארטן דאכט זיך געענט־פערט. און מיר האט זיך געדאכט, אז איך הער אט די ווערטער.

קינדער־כאר:

פארשפארטע, פאררינגלטע,
באשטראפטע, געפריגעלטע,*)
מיט ביכער פארשטעלט,
אונז האט מען, פארציטערטע,
מיט חכמה געפיטערטע,
א טאג לאנג געקוועלט.
איצט טאנצן מיר, שפרינגען מיר,
איצט הולענען, זינגען מיר,
באפרייטע אין גאס;
די לערערס באפעלן ניט,
די לערערקעס קוועלן ניט,
מען איז ניט אין כעס.

## די בת־היענה.

א שולע א שטריינגערע,
מיט שטונדן פיל לייגגערע,
וועט זיין די פאבריק.
און אלץ נאך פארציטערטע,
נאר מער נאך פארביטערטע,
וועט איר זיין אין צוויק.
דאך, ווען איר וועט אויפהערן
צו דינען דעם קויף־הערן,
פארשפארט א צייט לאנג.

*) געשמיסענע.

וועט איר מוזן וואנדערן
זיך ז ו כ ן אנאנדערן,
און דאן — אויס געזאנג!

קינדער-כאָר:

אונז ארט די פאבריק ניט היינט,
מיר זוכן קיין גליק ניט היינט,
מיר קוקן ניט ווייט;
איצט ווילן מיר הולענען,
זיך יאָגן און קולענען,
פארברייננגען די צייט!

„בראוואָ, קינדער!" האָב איך אויסגערופן, פארגעסנדיק אָן מיין פריערדיקע אויפרעגונג — „הוליעט, שפרינגט, טאנצט, איצט איז אייער צייט!"
און דאן האָב איך דערהערט די באקאנטע שטימע פון דעם

פרייהייטס-גייסט.

אין שולן שטודירנדיק,
אין גאסן שפאצירנדיק,
באם שפיל, בא דער לערע
בערייטעט זיך פאָר —
צום פאָלק צו געזעלן זיך,
אלס מענער צו שטעלן זיך,
פאר ליבע, פאר ערע,
פאר רעכט — יונגער דור!
צו מאכן פאר פרייערע
די קינדערלאך אייערע,
אום זיי זאָלן זינגען

הארמאָניש אין כאָר —
אלם קינדער שטודירנדיק,
און דאן פראָדוצירנדיק,
ווען איר וועט באצווינגען
דאָס געלט — נייער דור !

* * *

איצט גייט, ליבע טייבעלאך,
ערפרישט זיך די לייבעלאך,
גייט זינגען, גייט שפרינגען,
גייט — קינפטיקער דור !

דאָס איז אָבער נאָר געווען א חלום. ווען איך האָב מיך אויפ־נעכאפט האָט מיר געשטאָכן איןביידע זייטן. פרעמדע הענט האָבן מיר געגעבן א זופ און א בים. מיינע אייגענע האָבן נאָך אי־מער געסטרייקט.



## וואו האלט איך אין דער וועלט ?*)

אָ, ניין! אמעריקע מעג זיך זיין א גאנץ פיינע מדינה, אָבער זי קלעפּט זיך אַזוי צו פילאָזאָפיע ווי... איר מיינט אודאי, איך וועל זאָגן: ווי אַן ארבעס צום וואנט? איר האָט א טעות. איך זאָג ניט וואָס אלע זאָגן. דאָס איז ניט מיין שטייגער. איך קען דאָס ניט. הלואי וואָלט איך דאָס געקענט, דאַן וואָלט איך ניט גע־האַט א שם פאר אַ מטורף און וואָלט אויסער דעם איצט געהאַט א בעסערן, פעטערן, זיסערן עלטער. וואָס וואָלט מיר געפעלט ווען איך וואָלט נאָר געקענט נאָכזאָגן וואָס אלע זאָגן? העכסטענס פּי־לייכט ערלאַכקייט און יושר, אָבער דערפאר וואָלט איך שוין לאנג געווען אַ ברייטלאַכער, קיילאַכדיקער, שווארץ־געקליידעטער, שטייף־פאַרקניפּלטער, היינטוועלטיקער ראַבינער, אַ ראַבינער מיט א ווייסע האלזקע; מיט אן אכטשפּיציקע, קוואַדראַטנע, פיין־גע־פרעגזלטע יאַרמעלקע; מיט אַ שטייענדיקן קאָלנער אויפן שטייפן האַידאַק; מיט אַ געבילדעטע נשמה יתירה אַף שבת און מיט אַ גלאַטע מאָרדע יתירה אַף א גאנצע וואָך; מיט אַ פעטן חלק באַ א חתונה און מיט אויסזיכט אַף אַ חלק ווען די גאולה וועט קומען; מיט די זיכערהייט צו קומען צו קבר ישראל נאָכן טויט און צו רייַ־כע בעלער באם לעבן; מיט דער האָפנונג צו הערן שופר משיח אמאָל און אדעלינא פּאַטטי איידער־וואָס־ווען. אמאַלע וואָס? אַלץ: אַ מטבעה פאר אַ מזל־טוב, אַ מטבעה פאר א בר־מצוה, א מטבעה פאר אַ חתונה, אַ מטבעה פאַר אַ גט, אַ מטבעה פאַר אַ זיל־בערנע האָכצייט, א מטבעה פאר אַ טויט, אַ מטבעה פאר אַן אל מלא

*) „דער אמת“, 5טן יולי, 1895.

רחמים, א מטבעה פאר יעדע שמחה, פאר יעדן קלאָג און בא יע־
דער אנדער געלעגנהייט. מטבעות, א סך מטבעות און דערפון א
טשעק־בוך, און דערפון פראַצענט, און דערפון פרישע מטבעות, נאָך
מער טשעק־בוך און אזוי ווייטער און ווייטער אזוי לאנג ווי דער
רעדעלע דרייט זיך. אָבער איך קען ניט זאָגן דאָס וואָס אלע זאָגן,
— אזא פינסטערער מזל איז מייגער. קען ניט, און א סוף.

אָט נעמט א ביישפיל (דאָס וועט אייך קיינער ניט פארווערן
צו נעמען, אף דערויף איז ניטאָ קיין מאָנאָפאָל; דאָס איז ניט קע־
ראָסין, דאָס געהערט ניט צו א ראקעפעלער; א ביישפיל איז א
הפקר זאַך, הפקר ווי דעם ארבעטערס געזונט, ווי זיין ווייבס טרערן,
ווי זיין טאָכטערס יאָרן; א ביישפיל קענט איר נעמען פון אלץ,
פון יעדערן, פון אומעטום, דאָס האָט ניט צו טאָן מיט דער פאָליציי,
דערויף האָט קיין אָלדערמאַן, קיין סענאַטאָר ניט קיין שליטה;
דאָס איז פראנק און פריי פאר יעדערן — ווי א גוטן אידנ׳ס א
שמעק טאַבאַק, ווי דער „זשארגאָן“ פאר אלע וואָס קענען האַלטן
א פעדער אין האנט ווי א שנאַפּס אין עלעקשאָן־צייט, ווי דאָס רעכט
צום הונגערן, ווי א ליגן אף דער בערזע. איר מעגט נעמען א ביי־
שפיל, זאָג איך) אָט דערפון: .. ........

אלע זאָגן אז שווארץ איז ווייס ווען עס שטייט נאָר ער־
גענץ־וואו שווארץ אף ווייס, איבערהויפּט, ווען דאָס שטייט
שוין לאנג פון הונדערטער, טויזנטער יאָרן. איך קען דאָס ניט
נאָכזאָגן. איך קלער נאָך, איך קלער איבער; איך קלער, אז אפי־
לע א מינסקער איד האָט א רעכט צו קלערן ניט דוקא מעד אף פסח
אליין.

אלע, ווידער, זאָגן אז אריינקרוישקען זיך אין קבר איז נאָ
א מין גיין דורך דר׳ערד אין א בעסערע וועלט אריין, פאר דער
צייט נאָך דער צייט — וואָס מאכט דאָס אויס, זאָגאר בעסער וואָס
פריער, ווייל מען שלעפּט אף זיך ווייניקער זינד אין די נייע דירה
אריין, — א דירה פאר וועלכע מען צאָלט איין מאָל נאָר רענט און
דאן וואוין און וואוין ביז מען וועט דיך דארפן נעמען קייקלען קיין
ארץ־ישראל. אזוי זאָגן אלע. קען איך דאָס זאָגן? קענט איר

דאָס גאָר פון מיר פארלאנגען? נעמט נאָך אביישפּיל — „לעולם תקח"!

אלע זאָגן, אז ווען מען האָט נאָר א שיינעם אויסקומעניש, דאן דארף מען ניט די אַלע קונצן, דאן איז, פון זייערטוועגן, דער פראָגרעס א הונט, דער אמת — א נאר, די ערלאכקייט א כשר'ע בהמה'לע, די גלייכהייט א פוסטער חלום, די מענטשליבע א מין שכרות און די פרייהייט אן אויסגעלאסענע חצופה. קען איך אזעל־כע זאַכן נאָכזאָגן? נאָכזאָגן נאָר דערפאר, ווייל אַלע זאָגן? און ווער זענען דאָס די אַלע? זיי זענען אפילע ניט אייראָפּייאישע אַלע, הימל־לופט־און שווינדלדיקע אלע.

זיי נאָכטאָן? ניין, ברידערלאך! איך זאָג ניט, אז די פּי־לאָזאָפיע קלעפּט זיך צו אמעריקע ווי אן ארבעס צום וואנט. איך האָב מיר מיינע אייגענע משלים. זאָלן מיר אזוי ניט פעלן קיין באַקציינער ווי מיר פעלט ניט גלייכניסן, הלואי ווייטער!

אָבער נאָך וואָס אייגנטלאך האָב איך געוואָלט אויספירן? אָט־דאָס, זעט איר, איז מיר שוין צייטנווייז יאָ שווער. איך האָלט אז אויספירן איז איבערהויפּט ניט לייכט. ביסמארק האָט דאָס אויך אויסגעפונען אף דער עלטער, גלעדסטאָן אויך און קריספּי*) וועט דאָס אין קורצן אויסגעפינען. וואָס מען זאָגט כל התחלות קשות איז ניט אימער אמת (נאָך א באווייז אז מען דארף ניט זאָגן וואָס אלע זאָגן). אָנהויבן איז לייכט, אויספירן איז שווער, ווי דער חזן (אויף א פראָבע) האָט געזאָגט, ווען ער איז געבליבן שטעקן אין מיטן לכה דודי, זיך האָבנדיק צו הויך פארנומען אפן קוויטש.

נאָך אמאָל. וואָס האָב איך געוואָלט אויספירן? איך וועל זיך דערמאָנען. איר ווארט נאָר. דערווייל מעג איך אייך אָנזאָגן א שמחה: מיין אייניקל מאכט שוין העמדער ווי א געבאָרענע מאמע אין דער ליטא. נאָך איין שפּרונג — איז ער אין „קאָ־לעדזש". אזוי שרייבט ער פון ניו יאָרק. ..

---

*) איטאַליענישער פּרעמיער אין יענער צייט.

## וועגן דעם אינהאַלט פון דעם נעקסטן קאַפּיטל*)

גאַנץ ריכטיק! וואָס איך האָב געוואָלט אויספירן איז איינ־פאַך אָט־דאָס: — אמעריקע קלעפּט זיך צו פילאָזאָפיע פּונקט אַזוי, ווי יעלה ויבוא צו גרינדאָנערשטאג**). ווארום, פרעגט איר? אָט וועל איך אייך זאָגן.

אמעריקע און פילאָזאָפיע זענען צוויי, אָבער ניט אַ פּאָר, ווי דער זינדיקער גוף, למשל, און די הייליקע נשמה בא די פרומע אידן. וואָס איז דאָס פאר אַ זיווג, ווען דער גראָבער יונג — דער קערפּער — האַלטן אין איין שטאָפּן זיך, אין איין געלוסטן נאָך אַלערליי תאוות, אין איין וואַלגערן זיך אף ווייכע פּערינעס, בעת זי, די נשמה, די גאָטספאָרכטיקע צנועה, די איידעלע באַשעפעניש, וואָס הערט ניט אויף צו בייַנקען נאָכ'ן כסא הכבוד, פון וואַנען זי שטאַמט, — בעת זי, זאָגט מען אייך, וואָלט נאָכאַנאַנד שפּרינגען קדוש, נאָכאַנאַנד שרייַען שמע ישראל און אייביק פאַלן כורעים און פאַלן ניט ווי יודל באַלבירישקער אום צו קאַיען די שטרוי אף דער ערד, ווי אַ געבאָרענע בהמה, נאָר גאָר פּשוט אום צו קניען און צו בוקן זיך און צו שמעקן מיטן נאָז די הייליקע בלאָטע, וועלכע די פּרושים האָבן אָנגעטראָטן. אַ שיינער זיווג, כ'לעבן! און אָט אַזאַ פּאָר פּאָלק זענען יענע: אמעריקע און פילאָזאָפיע.

באַטראַכט זיי נאָר אַ ווייַלינקע. גיט אַ קוק, אָט איז די פילאָ־זאָפיע. זעהט איר איר? איך קען גאָר אָן שפּאַקולן זען ווי זי שטייט זיך דאָ איינגעבויגן די אַלטיטשקע, — איינגעבויגן ווי אַ חלב'נע ליכט אין תמוז; מיט קאַרטשעס אף איר הויכן שטערן,

---

*) „דער אמת“, 26טן יולי, 1895.

**) אַ קריסטלאַכער פייערטאָג.

גערונצלט ווי די קאָרע אַף אַן אַלטן דעמב; מיט אַ פּאָר אויגן, מאַט און אָן אַן אויסדרוק (פון לייענען די ביכער) ווי די שמחה אַף אַן ארבעטערס חתונה. אָט שטייט זי די אַלטיטשקע. זי, וועלכע האָט געהאַט פון איר ערשטן מאַן — שכל קלערניק, עליו־השלום, אַזעלכע גערעטענע קינדער ווי קאָנפוציוס, סאָקראַטעס, פּלאַטאָ, און אריסטאָטעל; פון איר צווייטן מאַן — נחמיה פרומאַק — אַזעל־כע קינדער ווי בן־סירא, מיימאָנידעס און צענדליקע אַנדערע און פון איר דריטן מאַן — רב שמואל דעם פארשער — אַ קאָפּערניק, אַ גאַליליי, אַן אייזיק ניוטאָן און זייערע יורשים ביז היינטיקן טאָג, — אַלץ מענטשן, וועלכע מען געדיינקט אָן מצבות און אָן יזכור; מענטשן, פון וועלכע מען ווייס, ניט אריינקוקנדיק ניט אין דעם ווילנער לוח און ניט אין דעם אַלטן אַלמאַנאַך פון גאָטהאַ, וואָס זיי ביידע האָבן אין זיך לייסטערס פון געקרוינטע פּוסטע קעפּ.

אָט שטייט זי די אַלטיטשקע מיט איר אויסגעמוטשעטן קער־פּער אַף די פיס, מיט אַ גרויסן הויקער אַפן קערפּער, מיט אַ לעבער־דיקן צודעק אַפן הויקער מיט פיל שטויב אַפן צודעק, מיט אָנגע־טריפטע חלב אַף די שטויב און מיט אַ פאָלקאָמענע גלייכגילטיקייט צו די חלב, צו די שטויב, צום צודעק, צום הויקער, צום קערפּער און צו די שוואַכע פיס. אירע געדאַנקען זענען פאַרטאָן אין הויכע ענינים. זי ווייס, נאַטירלאַך, גאַנץ גוט אַז אַ הויקער אַף אַ רוקן איז ניט הלכה למשה מסיני, אָבער וואָס קימערט איר דאָס, ווי קען זי אַרום דעם טראַכטן ווען זי זעט ווי עס וואַקסט אָן אָן אויפער אַ ביי־זער און פיל גרעסערער קאַפּיטאַליסטישער הויקער אַף די ציוויליי־זאַציע, — אַ הויקער וואָס דריקט איר אַזוי אַרונטער, וואָס ווערט אַזוי גרויס, אַז די ציוויליזאַציע זעט אויס לויטער הויקער, אַן אונ־געהויערע, מוראַ'דיקע מכה מיט אַ פּאָליטישן ווערך אַף זיך? איר קימערט דערפאַר ניט איר אייגענער „האָרב“ און אַזוי אַרט איר אויך ניט איר לעבערדיקער צודעק, ניט די שטויב אַף אים און ניט די חלב אַף די שויב. וואָס פאַר אַ באַדייטונג האָבן זיי אַלע לגבי די מאַסע אָנגעשמאַלצענע פלעקן פון די גראָשענע שמילקעדיקע צייי־טונגס־ליכטלאַך, וועלכע קלעפּן זיך צו די אַבערגלויבן־שטויב אַף

דעם רעליגיעזן מאַנטל מיט אַלע זיינע פאַרלאַטעטע און ניט פאַרלאַ־טעטע לעכער, וואָס זי זעט אַף דעם הויקער וועלכן איך האָב אייך געשילדערט ?

און אַט שטייט זי, די אַלטיטשקע לעבהאַפטיק פאַר מיינע אויגן און מיר דאַכט זיך אַז איך הער איר זאָגנדיק : „שלעכט, שלעכט ! די האַבזוכט האָט געמאַכט אַ תל פון מיין גאַנצע אַר־בעט. איך האָב אויפגערירט די מוחות, האָב אריינגעגעבן דעם מענטשן פאַרנונפט צו פאַרוואַנדלען וויסטענישן אין וויינגערטנער און די האַבזוכט פילט אָן יעדן וויינטרויב מיט גיפט פאַר מיליאָנען, נאָכדעם ווי זי אַליין זויפט אויס די ערקוויקנדע זאַפט; דורך מיין האָרעוואַניע האָט מיין שוועסטער די וויסנשאַפט פאַראייניקט די פעלקער, פאַרשמעלערט די ימים, פאַרקירצט די וועגן, צוזאַמענ־געבראַכט אַלערליי ראַסן, וועלכע האָבן פריער איינע די אַנדערע ניט געקענט און ניט געוואוסט, און די האַבזוכט, די געלטזוכט, די כאַפּזוכט — וויים דער שוואַרצער יאָר ווי זי הייסט, — מאַכט צווישן זיי נאָכאַנאַנד אָן פלאָטקעס און דערוויטערט די צונויפגע־קומענע און צעשפּליטערט די פאַראייניקטע און פאַרפיינדעט די פאַרברידערטע. שלעכט, זייער שלעכט. וואָס טוט מען ?“

און זי שטייט און קלערט.

אַ פיינע אַלטיטשקע, ניין ? און אמעריקע ? איך בין מיד. איך וועל אייך פּיליכט איר אויך ריכטיק פאָרשטעלן, אָבער היינט בין איך, לא עליכם, זייער מיד. „סטאַראָסט נע ראַדאָסט“*), לי־בע קינדער.

* * *

ווען איך האָב געהאַט אויפגעשריבן אָט־די ווערטער איז מיר די פעדער אַרויסגעפאַלן פון דער האַנט און איך האָב איינגעדרעמלט — איינגעדרעמלט ווי די ניו יאָרקער סאָציאַליסטישע פּראָפּאַגאַנדע נאָך די עלעקשאָנס**) פון נאָוועמבער.

---

*) עלטער איז ניט קיין פרייד.

**) וואַלן.

און אָ! ווי מיך פארפאָלגן די חלומות! פארפאָלגן זאָג איך? ניין. פארפאָלגונגען שוואכן א מענטשן אָפּ, מיינע חלומות פארזיסן מיין לעבן, מיין אַלטן כמעט אויסגעלעבטן לעבן; איך בין איבערהויפּט נאָר וואך בעת איך שלאָף, ווייל דער טומל פון גאס פארטויבט דאן ניט מער מיין מוח און ווען איך שלאָף איין הויבט ער אָן צו ארבעטן און עס איז א לעבעדיקע וועלט, און די חלומות קומען איינער נאָך דעם אנדערן. ווי זאָגט שלמה׳ס פאס־טושקע?

„אני ישנה ולבי ער,
„קול דופק פתחי לבבי“.

(איך שלאָף און מיין הארץ איז וואך, א שטימע קלאפּט אין דער טיר פון ברוסט) און זיי קומען, קומען, קומען, און איך זע מיט פאר־מאכטע אויגן מער ווי אנדערע מיט אָפענע...

ווייסט איר? דער וואָס וויל זען מוז איבערהויבט פארמאכן די אויגן, אפילו באַטאָג. מען שיט פון אַלע זייטן אזוי פיל שטויב אין די אויגן, אז וואָס מער איר קוקט זעט איר אַלץ ווייניקער. דער פּריסטער, דער גאזעטשיק, דער בודלער, דער אונאויפגעקלערטער אויפקלערער — זיי אַלע און הונדערטער אנדערע פון זייער גאטונג הערן ניט אויף צו שיטן שטויב; דער זעען ווערט גאנץ אונמעג־לאָך.

יאָ, די חלומות קומען און ווען זיי קומען, דאַן זע איך אַלץ קלאָרער ווי אויפן וואָר. נעכטן ווען איך האָב געהאט איינ־געדרעמלט האָב איך ווידער געזען א חלום, וועלכן איך וועל אייך דערציילן:

מיר האָט זיך אָפּגעדאכט, אז... האַלט! פאלט אייך ניט איין בא דיזע ווערטער, אז מען רופט ניט אומזיסט יעדן אידעאַ־ליסט א טרוימער? יאָ, אָבער וואָס היינט איז א חלום, קען מאָרגן ווערן מקוים; וואָס היינט איז אן אידעאַל קען מאָרגן ווערן

אַ ווירקלאַכקייט און, גלויבט מיר, עס הייגנט פיל אָפּ פון אייך אַז דער חלום זאָל וואָס גיכער מקוים ווערן.

מיר האָט זיך אָפּגעדאַכט... ווייסט איר, ברידערלאַך, לאָז נאָר זיין געגוג אויף היינט... און אַלטער מאַן טאָר אפילו נים אָפּ־לייגן, אָבער איך מוז. וואַרט ביז איבעראַכטאָג.



# עס ציט זיך ווי פון פעך*).

איך זייט גערעכט. אז מען זאָגט צו דארף מען האַלטן וואָרט. געוויס! און איבערהויפּט ווען דאָס איז אזוי לייכט. דערציילן א חלום! דאָס איז א זאַך, וועלכע דארף א מענטשן ניט פאַלן שווער; דאָס דארף יעדערער קענען. שווער איז אויסלייגן א חלום, הגם ניט אזוי שווער ווי אויסלייגן געלט פאר א גוטן פריינט ווען דער גוטער פריינט איז ניט קיין רייכער מאַן. אויסלייגן א חלום איז שווער, אָבער דערציילן, דערציילן איז לייכט, איז.... אויס־לייגן, דערציילן — דערציילן, אויסלייגן... קינדער, עס איז שווער צו שרייבן אין די ניין טעג... עס איז היינט אזוי היים ווי אין אקאָרשט געגרינדעטע סאָסייעטי; עס ברענט די זון אזוי ווי זי וואָלט געווען א לאַדי'ער חסיד; מען שוויצט ווי אברהם אבינו אין קאַלכאויוון; עס קלעפּט זיך צו דאָס העמד צום לייב ווי דעם אר־בעטערס פאַרדינסט צו דער האַנט פונם באָס; דער מוח איז צו־טומלט ווי א גרינער אין קעסל גאַרדן אין ניו יאָרק; דאָס בלוט איז צוקאָכט ווי א גוט באצאָלטער סארוועד אף א גבירישע חתונה; מען איז שלעפעריק ווי דער רב אין קלויז ווען דער שטאָדט־מגיד זאָגט א דרשה. עס איז היים, עס ברענט אין די ניין טעג...

פאַרצייטן איז מען געווען קילער. א איד האָט ניט געגעסן קיין פלייש אין די ניין טעג צווישן ראש־חדש אָב און דעם חורבן בית המקדש, און עס איז געווען קילער, אָפּגלייך יעדער האָט גע־האַט פאַר די אויגן די גרויסע שרפה פון דעם ערשטן און דעם צווייטן ירושלים'ער טעמפּל. עס איז געווען, זאָג איך, קילער,

*) „דער אמת“, 2טן אויגוסט, 1895.

מחמת מען האָט זיך ווייניקער געשטאָפּט מיט אָקסן־פלייש... וואָס זאָגט איר ? היינט שטאָפּט מען זיך אויך ניט מיט אָקסן־פלייש, סיידן מען האָט אָקסן, וועלכע גייען אין יאָך צוערשט און לאָזן זיך שפּעטער שינדן ? ווי קלוג איר זייט געוואָרן ! מען מוז זיך היטן ווי מען רעדט מיט אייך, כ'לעבן ! איר זייט אפשר גערעכט אויך, אָבער אויסריידן דאַרפט איר א מענטשן לאָזן... לאָגיק פאַרלאַנגט איר ? פון ווען אָן זייט איר דאָס געוואָרן אַזעלכע שטרייַנגע פאַר־לאַנגער ? מיין לאָגיק וועט אייך ווייניק־וואָס געבן, פאַרקריינק איך דעם האָר וואָס איך אליין האָב פון איר. לאָגיק פאַרלאַנגען זיי א מציאה מיט די לאָגיק ! איר וואָלט בעסער פאַרלאַנגט מענטשן־רעכט, אַרבעטער־רעכט : למשל, דאָס רעכט צו האָבן א ווייב און א קלייד פאַר איר ; דאָס רעכט צו האָבן קינדער און זיי צו קענען אי קאָרמענען אי ערציִען ; דאָס רעכט צו האָבן ביבליאָטעקן און צו פאַרשטיין די ביכער אין זיי; דאָס רעכט צו האָבן גערטנער און איינצואָטעמען די פרישע לופט—ניט גייענדיק פון בעט אין פאַבריק און פון פאַבריק אין בעט, פון אַן אונטערשטן פייכטן סקלעפּ אין אַן אויבערשטן עטאַזש פון א טענעמענט־הויז, פון שברי לב אין דער היים צו דער שקלאַפעריי באַם מייסטער. בקיצור, פאַרלאַנגט בעסער דאָס רעכט צו לעבן ווי מענטשן, וועלכע ווייסן אַז דער ראָד פון מאַשין דאַרף זיין א דינער באַ זיי און ניט פאַר־קערט, זיי משרתים באַם ראָד. אַזוי פאַרלאַנגען וואָלט געהאַט א זין, אָבער מיין לאָגיק איז פאַר אייך ניט ווערט א פּייאַים. איר.... אָבער וואו האַלט איך ?

יאָ, עס איז היים אין די ניין טעג. מחשבות'ן ! וואָס וואָלט דער שיקאַגאָ'ער פלייש־טראָסט געטאָן ווען אַלע אידן וואָלטן געווען פרום דאָ אין אמעריקע ! מיט א מיליאָן מענטשן אין לאַנד, וועל־כע זענען גאַנצע ניין טעג וועגעטאַריאַנער, וואָלט דער טראָסט גע־בראָכן געוואָרן... אָי בין איך היינט צומישט !

איך וועל אייך דערציילן מיין חלום, נאָר איך קען דאָס ניט היינט. א חלום דאַרף מען דערציילן גלאַט און סקלאַדנע, אַזוי גלאַט און אַזוי סקלאַדנע, אַז אייך זאָל זיך חלומ'ען, אַז עס

חלומ'ט זיך גאָר ניט, אַז דאָס וואָס מען זאָגט אייך איז אַזאַ ראַ־יעלע טאַטזאַך, ווי אַ כּליושק מיט אַ קזאַצקע נאַגאַיקע. אויסער־דעם דאַרף מען אַפילו אין אַ חלום היינטיקע צייטן האָבן וואָס מיר, געבילדעטע מענטשן, רופן פּסיכאָלאָגיע. דערצו אָבער דאַרף ניט נאָר זיין אַ ר ו ם אייך קיל, דערצו דאַרפט איר אַ ל י י ן זיין קיל. איר טאָרט זיך ניט נעמען צו פּסיכאָלאָגיע אין אַזעלכע ווערטער ווי די איצטיקע. אַ קליינע קיינע, פּסיכאָלאָגיע! דאָס הייסט דאָך גאָר פּשוט ווערן, ווי בביכול דער רבונו־של־עולם, אַ בוחן־לבבות. דאָס הייסט דאָך אויף פּראָסט אידיש אויסטאָן די שטיוול און אַריינקריכן אויף אַלע פיר אין אַ מענטשלאַך האַרץ און דאָרטן זיך גריבלען און עגבערן און שפּיאָנעווען און האָרכן און זען יעדע ברעקעלע. אָן דעם רירט מען זיך היינטיקע צייטן ניט פון אָרט. היינט איז יעדער איינציקער, וואָס קאָן נאָר אונ־טערשרייבן זיין נאָמען אויף אַ תנאים, אַ גאַנצער פּסיכאָלאָג. היינט קאָנט איר איינפאַך ניט דערציילן אַפילו, אַז אַ קו איז געפלויגן איבערן דאַך און האָט געלייגט אַן איי. איר מוזט פּסיכאָלאָגיש צעגלידערן די געפילן פון דער קו בעת זי האָט אַ מאַך געטאָן מיט די פליגלען און וואָס בא איר אין האַרצן האָט זיך געטאָן בעת זי האָט גענומען גיין צו־קינד, דאָס הייסט צו־איי, און וואָס זי האָט געמאַכט פאַר אַ מינע בעת זי האָט דערזען די פּרוכט פון איר קו'אישן לייב און אַזוי ווייטער אויף לכל הפחות צען אָקטאַוו־בלעטער קליין געדרוקט און גוט צונויפגעשטאָפּט.

איר מוזט דאַרום וואַרטן נאָך אַ וואָך, ביז נאָך תשעה־באב.

ווי איז אייך געגאַנגען דער תענית? נאָר איר זייט דאָך גע־וואוינט צו סלעק, דאַכט זיך.

## גאַנצע און דערוואַקסענע *)

ווער וואָלט דאָס געגלויבט, אַז אפילו אַ חלום הייבט אָפּ פֿונם מזל. אָ, יאָ, אַ חלום — אַ חלום איז ניט גלייך, און בעת מאַנכע חלומות ווערן געבאָרן אַזוי ווי אין העמדעלאַך, טראָגן אָפּ זיך אַנדערע דעם שטעמפּל פֿון טויט און פֿאַרגעסנהייט גלייך באַ זייער געבורט. עס זענען דאָ חלומות, וועלכע ווערן גע־לייענט „שנים מקרא ואחד תרגום" פֿון וואָך צו וואָך, וועלכע ווערן געלערנט און איבערגע־איבערגעדבר׳אחר׳ט (דער אויס־דרוק, וועלכן דער עולם געברויכט, איז צו גראָב) אין אַלערליי חדרים, ווייניקסטנס איין וואָך אין יאָר; חלומות, ווי פּרעה׳ס מיט די זיבן פֿעטע קי און מיט די זיבן פֿעטע זאַנגען, וועלכע די מאָגערע זאָלן האָבן איינגעשלונגען. זיי ווערן דערציילט פֿאַר קליינע קינדער מיט קליינע מח׳לאַך, קינדער וועלכע זענען נאָך ניט ראַיאַליסטן גענוג אום זיך צו אינטערעסירן מיט אַן עגיפּטישע מאַיעסטעט; נאָך ניט אָקסן גענוג זיך צו קימערן וועגן איינ־געשלונגענע קי; נאָך ניט תבואה־הענדלער גענוג זיך צו דרייען אַ קאָפּ וועגן גוטע און ניט־געראָטענע יאָרן און נאָך ניט גאַנצע און דערוואַקסענע סאָציאַליסטן גענוג אום אַז זיי זאָלן ריכטיק באַגרייפֿן אַ מכירת יוסף, דאָס הייסט ווי אַזוי עס קומט, אַז צווישן מענטשן פֿאַרקויפֿט אָדער פֿאַרדינגט איין ברודער דעם צווייטן אין שקלאַפֿעריי.... מחשבות׳ן! איר מעגט פֿילייכט ניט וויסן, אַז ניט אַלע סאָציאַליסטן, אפילו צווישן די, וואָס זענען מער ווי פֿינף יאָר אַלט, זענען גאַנצע און דער־

*) „דער אמת", 9טן אויגוסט, 1895.

װ ו א ק ס ע נ ע. אין די פרייע לענדער האָב איך געטראָפן זייער ווייניק אַזעלכע סאָציאַליסטן, ווייל דאָ איז לייכט צו ווערן אַזאַ־און־אַזאַ איסט, מען דאַרף נאָר זאָגן, ווי אַ „סאַלוויישאַן אַרמייניק״: „איך גלויב״ און מען איז געראַטעוועט. באַ אונז אין רייסן, אָדער אַפילו אין דייטשלאַנד, אין פראַנקרייך, אין איטאַליען, וואו דער נאָמען סאָציאַליסט (ווי אינם מיטאַלטער דער נאָמען איד און פאַרצייטן אין רוים דער נאָמען קריסט) שמעקט מיט טורמע, אַמאָל מיט תליה, דאָרטן כאַפּט זיך ניט יעדער צו דעם נאָמען, אָבער דער, וואָס טראָגט אים יאָ, טוט דאָס מיטן גאַנצן האַרצן און אַזעלכער איז אַ גאַנצער, אַ דערוואַקסענער סאָציאַליסט, אָפּט וואַקסנדיג און געדאַיענדיק אונטערן ראַפּניק, אין קייטן, אין אַן איינגן יאָק, אַף ברויט און וואַסער, צווישן שרצים אין אַ קעלער, אונטער שרצים אַלס אויפזעער.

אָבער אין די פרייע מדינות, אין די מדינות, וואו מען האָט די פרייהייט צו זיין אַ שקלאַף, און מען באַנוצט איר, דאָ איז לייכט צו ווערן, ווייניקסטנס זיך צו רופן וואָס איינער וויל נאָר. מען דאַרף דאָ ניט אויסצייכענען זיך פאַר אַ טיטל, מען דאַרף דאָ ניט פיל לערנען פאַר אַ דיפּלאָם און קען זיך טאָן אין דער־היים וואָס מען וויל, כל־זמן מען קומט אַמאָל אַף אַ פאַרזאַמ־לונג און מען קלאַפּט אַ האַנט אָן אַ האַנט, ווען איינער שטייט און רייסט זיך דעם האַלז.

גאַנצע און דערוואַקסענע סאָציאַליסטן זענען דאָ ניט פיל פאַראַן. די מייסטע, וועלכע רופן זיך דאָ סאָציאַליסטן, זענען פערטלדיקע און אָפּט אידעאַליסטישע קאַרליקעס; מיט אַ קאָפּ העכער ווי די בלאָטע; מיט שוואַכע פיס, וועלכע בויגן זיך באַ דער ערשטער קלענסטער געפאַר; מיט מענטשליבע, וועלכע ווערט פאַרגליווערט אַ טאָג נאָך דעם ערשטן דינסטיק אין נאָ־וועמבער; מיט אַן אידעאַל, וועלכער דינט באַ זיי פאַר אַ יום־טוב׳דיקע קאַפּאָטע: צום טראָגן באַ אַ גרינדונגס־פעסט, באַ אַ פּיקניק, באַ אַ מאַסנפאַרזאַמלונגען, באַ אַ סאָציאַליסטישן קאָנצערט, וואו מען אַמוזירט זיך לכבוד די דריי־איינקייט: פרייהייט, גלייכ־

הייט און ברידערלאַכקייט, די איינציק־הייליקע „טראַיצע“ לכבוד איר, וועלכע האָט באַ איר געבורט געהערט די קללה „בדמיך חיי, בדמיך חיי“ און האָט זיך אין בלוט געהאָדעוועט, אין איידעלע, דערהאַבענע, הייליקע בלוט.

דאָ געפינען זיך אַ סך אומגעהובלטע, אומגעשליפענע, אומגע־לערנטע סאָציאַליזמען אין דעם אומגליקלאַכן פאָלק — אין דעם פאָלק, וואָס ליידט און הונגערט און אַרבעט און סטרייקט און האַלט זיך אין אחדות. דאָ... אָבער איך בין פאַרקראָכן צו ווייט. וואָס וועט ווערן פון מיין חלום? אָ, האָב דעם חלום אַ גוטן יאָר! לאָמיך אַרויסריידן אַלץ, וואָס איך האָב אויף מיין האַרצן... דער טאָג, ווען איר לייענט דאָס, איז מיין געבורטס־טאָג, איך ווער זיבעציק יאָר אַלט און אַן אַלטער מאַן, ווי איך האָב שוין אייך פריער אַמאָל געזאָגט, טאָר ניט אָפּלייגן. ווער ווייסט וואָס קען פּאַסירן? מאָרגן קען איך זיין אויס־מענטש דורכן טויט, אָדער אויס־סאָציאַליסט דורך אַמעריקע. דאָ איז מען נאָך וויניקער זיכער מיטן אידעאַל ווי מיטן לעבן. „אוירא דאמעריקע מחכים“, קען מען דאָ זאָגן: די לופט פון אַמעריקע מאַכט קלוג, מאַכט פּראַקטיש און ווי עס ווייזט אויס איז עס קלוג און פּראַקטיש צו פּאַראַכטן אידייען, וועלכע זענען ניט געדרוקט אויף גרינע פּאַסיקלאַך פּאַפּיר. וואָרום, ווי זאָגט יענער? (ווי ער הייסט וועל איך אייך ניט אויסזאָגן, — דאָס איז אַ סוד): —

אין דעם שטרודל פון דעם בודל
טרינקט זיך, ווי אַ טויטער פּודל,
דאָ אַן אידעאַל;
און ער טרינקט זיך, און ער לענקט זיך
צו זיין אונטערגאַנג, און שווינקט זיך
אין דעם בייזן קוואַל.

קיינער פרעגט ניט: וואָס ער רעגט ניט
זיינע גלידער, און באוועגט ניט
מענטשהערצער מער.
„לאָז ער דארבן, לאָז ער שטארבן,
אַף די אויגן שנעל אַ שארבן,
רידלען שנעל אהער!"

צייט איז טייער, און דער „פרייער"
דאָ אין לאנד האלט אז כדאי'ער
איז צו מאכן געלט;
מעגן פאלן אידעאלן,
דאָ איז קיינער ניט קיין בעלן
אַף דער קרוין פונם העלד.

פילאָזאָפן מעגן שטראָפן,
זאָגן מוסר קעגן „בלאָפן",
דאָס איז זייער זאך;
דאָך ר' יודל ליבט אַ שטרודל,
וואו דער בלאָף שווימט אפן בודל,
ביז עס קומט אַ קראך.

ווערנד בלק וואָלט ישראליק
קענען לערנען מיט עמלק
פון דעם קאפיטאל;
דען זיין בלאָסע, שוואכע ראסע
האָט דערלאַנגט דער שקלאפן־מאסע
פערדינאנד לאסאל.

אַ, איך בין גאָר אינגאַנצן פאַרקראָכן אינם אלף השישי אריין. פּרעה׳ס חלום, מיין חלום — אַלץ אַוועק אין עולם התהו. נאָר דערציילן וועל איך אייך, לאָמיר נאָר אָפּפּטר׳ן מיין געבורטסטאָג. טאָמער פאַרגלוסט זיך וועמען עס איז מיר צו געבן אַ מתנה, זאָל ער מיר געבן אַ באַווייז, אַז ער איז אַ גאַנצער און אַ דערוואַקסענער... איר פאַרשטייט דאָך, וואָס איך מיין.



## מיין חלום *).

הייסט עס, איך האָב יענעם אָוונט איינגעדרעמלט. און מיר האָט זיך אָפּגעדאַכט, אַז איך זע פאַר מיינע אָלטע אויגן אַ וואונדערבאַרע געשטאַלט. ווי זאָל איך זי באַשרייבן ? אַ האַרטע, שטאָלענע פעדער, געבאָרן אין אַ שקלאַפּישע פאַבריק, צווישן רע־דער און שרויפן, וועט דאָס גאָר ניט קענען. יענע געשטאַלט צו באַשרייבן דאַרף אַ פעדער האָבן אַ לעבעדיקע זאַך — ווען אויך נאָר אַ גאַנז —פאַר אַ מאַמען. ווי דום אַ גאַנז זאָל ניט זיין, האָט זי שטענדיק עטוואָס געפיל אין האַרצן, עטוואָס פאַר־שטאַנד אין מוח און אויגן אין קאָפּ. אַ פעדער, וועלכע קומט פון אַזאַ לעבעדיקער באַשעפעניש, איז אימער געבאָרן, געהאָ־דעוועט, אויסגעוואַקסן, ניט פאַבריצירט, ניט אויסגעגאָסן פון אַ פורעם, ניט געמאַכט פּונקט ווי אַלע אַנדערע טויזנטער; זי האָט — וואָס מען רופט אַן אינדיווידואַליטעט, אַן אייגענעם פּנים, אַ באַזונדערן ספּעציעלן כאַראַקטער. אַ גענזענע פעדער איז ניט אַן אַפּריימאָר, וואָס דאַרף צו זיין אַרבעט ניט קיין געפיל, קיין שכל, קיין דעה; זי דאַרף ניט, ווי דער אַפּריימאָר, געהאַלטן ווערן פון אַ געטאָקטן, קליינעם פלאָקן, מיט אַן אייזערנעם גריף, וועלכער רופט זיך אַ האַלטער, און מיינט, אַז ער איז דער גאַנצער מאַכער, הגם ער אַליין קען אַן אות ניט שטעלן און טויג אַן איר אַף כפּרות. אַ גענזענע פעדער איז אַ זעלבסטשטענדיקער בעל־מלאכה, וועלכן קיינער דאַרף ניט איינהאַלטן, אויסהאַלטן

---

*) „דער אמת“, 23טן אויגוסט, 1895.

און אויפהאַלטן. זי קען אויך פאַרשוואַרצט ווערן, אָבער ניט יונגערהייט: איידער זי וואַקסט אויס, גייט זי ניט אין יאָך און אפילו ווען זי איז קרעפּטיק און שטאַרק גענוג צו דינען, לאָזט זי זיך ניט אַנדערש פירן אַף פּאַפּיר סיידן איר בילדעט איר אויס פאַר אַ נוצלאַכן שרייב־אַרבעטער; אַ גראָבן, אייזערנעם, פאַרראָסטן קאַקראָוטש־מעסער, וועלכער טויג נאָר צום שינדן בהמות און צום שינדן זייער פלייש, וועט זי אַף זיך ניט אַרויפ־לאָזן. אַזעלכער קען איר פּילייכט צעברעכן, אַף שטיקער צערייסן, אָבער ער וועט איר ניט צושפּיצן צום אַרבעטן, ער וועט איר ניט איינצווינגען אין זיין יאָך. אַ געזונטע פעדער קענט איר ניט, ווי אַ שטאָלענע אַפּרייטאָר־פעדער, נעמען אַ פּאַרטיקע פון גאַס און גלייך אַוועקשטעלן בא דער אַרבעט; איר מוזט אַף אַן איי־דעלן אופן איר צושפּיצן, איר מוזט איר שלייפן און גלעטן און דאַן ניט צו שטאַרק צודריקן — אַניט אַרבעט זי ניט. און לאַ־די וואָס זי לאָזט זיך ניט מיטן קאָפּ מיט אַלעמען אריינשטעלן אין אַ גראָבן האַלטער׳ס גריף, האָט זי האַלט אירע פּוך, אירע קליידונג אַף זיך. זי איז אַ טייל פון אַ לעבעדיקער זאַך און דערפאַר האָט זי אין זיך געפיל אפילו נאָכדעם, ווי זי ווערט אָפּגעטיילט פון אירע שוועסטער, מיט וועלכע זי איז אויפגעוואַקסן געוואָרן אַף איר מוטער׳ס פליגל. דאָס קען מען ניט זאָגן פון אַ שטאָלענער אַפּרייטאָר־פעדער, וועלכע קומט פון אַן איינג קעסטעלע, פון אַ מין טענעמענט וואוינונג, און אַרבעט, און ווערט פאַרשוואַרצט, און שפּעטער, ווען זי טויג שוין מער צו קיין שום זאַך ניט, אַרויס־געוואָרפן אַפן מיסטקאַסטן, רחמנא־לצלן. ווי קען מען מיט אַזאַ פעדער אייך געבן אַ באַגריף פון דעם, וואָס מען זעט, ווען דאָס געזעענע איז אַ געוויינלאַכע זאַך, נאָר אַ גרויסע, דערהאַבענע דער־שיינונג? ווי שילדערט מען מיט איר אַזאַ וואונדערבאַרע גע־שטאַלט, ווי די, וועלכע איך האָב געזען?

רבונו־של־עולם! איך וועל דיר ניט מאַכן קיין קאָמפּלי־מענטן אַף ר׳ שלמה בן גבירולס שטייגער; איך ווייס, אַז דו האָסט זיי פיינט, אָבער הער מיך אויס, און דערפיל מיין גע־

בעט, און גיב מיר כח צו דערציילן דאָס, וואָס איך האָב געזען.

רבונו־של־עולם! דו, וואָס דו האָסט געגעבן שכל די העל־נער און די פּריזישע נאַכטוועכטער מבחין צו זיין צווישן טאָג און נאַכט, — אַ זאַך, וואָס קיין פּראָפעסאָר פון פּאָליטישער עקאָ־נאָמיע, קיין מיניסטער פון פאָלקס־אויפקלערונג, קיין לעערער לע־רער, קיין שיטערער דיכטער, קיין פילאַנטראָפּ מיט נעפּיל אָן טראָפּ, קיין אידישער בעקער־אַרבעטער, קיין „פּיור ענד סימפּל טאָן"*), וועלכער אָרגאַניזירט אים, פאַרשטייט נים.

דו, וועלכער האָסט אַריינגעגעבן אדם הראשון אַ כח מיט זיין גלאַטן צונג דיך אליין צו נאַרן דאָרטן אין גן־עדן; זיין זון קין (און אַלע אנדערע ברודער־מערדער נאָך אים) — דיר צו וועלן פאַרמולירן דעם עסק; לבנ'ען דעם רמאי פון ארם — צו פאַר־דרייען אַ מוח אזא תם ווי יעקב אבינו און דעם קעלמער מגיד אַ צונג צו שילדערן דעם גיהנם מיט אַלע קליפּערלאַך.

דו, רבונו־של־עולם, וואָס בא דיר איז אַלץ מעגלאַך: פון אַ ציוויליזירטן ראַבינער, וואָס קען ניט פּסק'ענען אַ שאלה, ביז אַן אמעריקאַנער שמש, וועלכער רופט ניט אין שול אַריין און גייט אַליין אויך ניט; פון אַ בעל־קורא, וועלכען קען ניט לייענען, ביז אַ פּראָצענטניק, וועלכער קען ניט מאַכן אַ ברכה אף די נעמ־לאַכע ספר־תורה, וואָס איז בא אים אַליין געלעגן פאַרזעצט; פון במה מדליקין אין שול ביז... נאָר דו לייענסט מיין האַרץ, ווי אַן אָפענעם בוך, און דו פאַרשטייסט וואָס איך מיין.

און איך מוז זיין זייער פאָרזיכטיק. מיין זכרון ווערט שוואַ־כער אַלע טאָג און די יונגע לייט פאַסן אויף. אַט זאָגט מען מיר, אַז איך האָב צעדרומשקעט אַ פיינעם פערז פון שיר־השירים, שרייבנדיק:

„אני ישנה ולבי ער,
„קול דופק פּתחי ל ב ב י",

---

*) תם אור שוטה. אַ חוזק אָפּן „פּיור ענד סימפּל" (ריין און אויפ־ריכטיק), מיט וועלכן אַרבעטער־פאַרפירער באַטיטלען זייער פּאָליטיק.

אנשטאט צו שרייבן:

אני ישנה ולבי ער,

קול דודי דופק פתחי לי,

ווי עס שטייט אין פסוק. דאס וואלט מיט מיר ניט פאסירט אין מיינע יונגע יארן, ווען מיין זכרון איז נאך געווען אזוי גוט און שטארק, ווי 95-קער ספירט; דערביי האט מיך דער גוטער יאר נאך געריסן צו כאפן איבערזעצן דעם פסוק אף אידיש! וואלט איך דאס ניט געטאן, דאן וואלט איך זיך אף א ווײַלינקע אמע־ריקאניזירט און וואלט ארויפגעווארפן דעם בלבול אף די זע־צערס, זאגנדיק, אז זיי האבן אריינגעשטעלט צוויי איבעריקע „ב"ן, אף דעם אופן מאכנדיק פון „לי" — „לבבי". און גע־גלויבט וואלט מיר יעדער, וועלכער זעט ווי זיי מאכן פון גלית הפלשתי א גלות הפלשתי און אנדערע אזעלכע קונצן. איך וואלט זאגאר נעקענט די זעצערס פארטיידיקן. איך וואלט, למשל, אזוי געזאגט:

לי (צו מיר, פאר מיר) באטייט עגאאיזם, אייגנליבע, בעת לבבי הייסט מיין הארץ. איצט אבער איז א צייט, ווען די מאשין זעצט ארויס דעם זעצער פון דער זעצעריי און דער ארבעטער, וועלכער האט דערווייל נאך ברויט, איז פול מיט הארץ, ווייל ער דאגה'ט פאר זיין ברודער, וועלכער האט קיין ארבעט ניט, און פאר זיינע ברידער, וועלכע ראנגלען זיך מיט דעם מאן, וואס האט פון זייע פראצע א מאשין און באנוצט די מאשין צו האבן, אן פראצע, נאך מער מאשינען. אין אזא צייט ווערט ניט ווילנ־דיק פון „לי" — „לבבי" און דאס זעצט זיך כמעט פון זיך אליין אזוי אוים. ....

דער פשטל וואלט, נאטירלאך, געווען א געמאטערטער, אבער דעם עולם איז ניט שווער צו פארדרייען א מוח מיט ווערטער: פרעגט גלעדסטאנען, פרעגט טשאנסי דעפיו *), פרעגט אלע פריידי־קער אונטער דער זון און אונטער פיר אויגן. צום אומגליק האב

---

*) אן אמעריקאנישער פאליטישן.

איך די פּאַסטושקע'ס װערטער פאַרטײטשט און מען האָט מיך גע־כאַפּט.

אָ, ווערט מיין זכרון שוואך ! איך אַליין אויך און דערפאַר מוז דער עולם וואַרטן נאָך אַ וואָך.

דאַן וועגן דעם וואָרט „דודי“, וועלכן איך האָב אויסגעלאָזן. דאָס וואָלט איך אַף אַזאַ'ן אופן דערקלערט. דודי איז דער טייטש „מיין פעטער“ (ניט מיין פעטער איז אַ טייטש), און אַ זעצער, וועלכער איז צייטנווייז אַ פאַרזעצער, טראַכט ניט גערן אַרום אַ „פעטער“ און לאָזט אים אויס.



## די גרויסע דערשיינונג *)

איך זיץ און דרעמל.

מיט אמאל פיל איך, ווי א צערטלאכע האנט לאזט זיך אראפּ אף מיינע צוגעמאכטע אויגן און ווישט זיי אויס.

און עס ווערט מיר ליכטיק אין אלע פיר ווינקעלאך, און די ווענט פון מיין צימער רוקן זיך אלץ מער און מער פאנאנדער, און ארום מיר ווערט פרייער און לופטיקער, און גערוימיקער, און ליכ־טיקער.

„וואס האט דאס צו באטייטן ?" פרעג— איך.

„שטיל! קוק און שוויַיג, הער און רעד ניט, ביז איך וועל דיר הייסן," — ענטפערט מיר א שטים, וועלכע איך פלעג אפט הערן אין דער אלטער וועלט.

„דו ביסט דער פרייהייטסגייסט!" — רוף איך אויס.

„שטיל, זאג איך דיר !"

און איך שווייג.

מיט אמאל דערהערט זיך ארום מיר א גערויש ווי פון א כוואליע, וואס קומט אף דעם ברעג ים, העפטיק האלזנדיק די זאמד. איך זע א גרוילע יונגפרוי, איידל אפּן פנים, שטאלץ אין איר בליק און אזוי פול מיט אינגערע קראפט, ווי די געטן מינערווא. אירע פיס זענען אין איינפאכע סאנדאלן, אבער ביידע זענען זיי צוגעטשעפעט איינער צום אנדערן מיט א גילדערנע קייט. און איך זע אין איר רעכטער האנט א בעכער,

*) „דער אמת", 30טן אויגוסט, 1895.

אַרום און אַרום געזעצט מיט דיאַמאַנטן, און אין איר לינקער האַנט אַ גרויסן ליימענעם קרוג.

„וואונדערבאַרע פרוי! ווער איז זי?" — פרעג איך בא זיך אַליין, אָבער איך האָב מורא צו ריידן. און איך שווייג.

און איך זע ווי זי עפנט אירע הערלאַכע אויגן צום ליכט צו און וויל זיך באַוועגן. עס גיט זיך אַ טרייסל די גילדערנע קייט און זי בלייבט שטיין אַף אַן אָרט.

אָבער ווי זי באַוועגט אירע פיס, זע איך פון דער ערד אַרויס־שפּראָצן מעכטיקע פלאַנצן, וועלכע פאַרוואַנדלען זיך גלייך אין צוויי גרויסע הערלאַכע ביימער. און איך זע דעם ערשטן און דערקען דעם ע ץ ־ ה ח י י ם און איך באַטראַכט דעם צווייטן און דערקען דעם ע ץ ־ ה ד ע ת־.

„לעבן און וויסנשאַפט!" — וויל איך אויסשרייען, אָבער איך האַלט זיך צוריק און איך שווייג.

פּלוצלונג זע איך, ווי עס קומט אַ שטאַרקער ווינט און דער־לאַנגט אַ בלאָז מיט אַן אומגעהויערע מאַכט די צוויי ביימער און זייער פרוכט נעמט זיך שיטן איבער מיילן און מיילן צום מזרח און מערב, צום צפון און דרום. און אַ ריי גיפטיקע שלאַנגען קומען אַרויס פון אַרום די פיס פון דער יונגפרוי, אַזוי ווי אָפּ־געריסן פון די גילדערנע קייט און זיי פאַרשפּרייטן זיך איבער די פרוכט און קלייבן זיי צונויף אין איין אָרט.

און אַרום דעם אָרט זע איך אַ הייפל העסלאַכע, דיקע פּער־זאָנען, און קעגנאיבער זיי אַ שרעקלאַך גרויסע הונגעריקע מאַסע.

„וואָס איז דאָס? פאַר זיי? פאַר זיי גאָר די פרוכט?" וויל איך אויסשרייען, אָבער איך שווייג.

און צווישן דעם גליקלאַכן הייפעלע און דעם אומגליקלאַכן הויפן ווערט אַלץ גרעסער און ווייטער דער צווישנשייד.

און איך זע ווי זי הויבט אויף אירע הענט, און דער בעכער מיט דעם קרוג בויגן זיך ביידע איין און עס גיסט זיך געקטאַר ווייִן פון דעם בעכער און עס טריפט גיפט פון דעם גרויסן ליימענעם

קרוג. און דער ווײַן גייט צום הייפּעלע און די גיפּט — צום הויפן.

„הייליקע געטן, אָדער ווער דו ביסט, וואָס...?“ — ווײל איך אויסרופן, אָבער דער גייסט ווינקט מיר צו זײַן רואיק. און איך שווייג.

און פּלוצלונג הער איך אַ יובעל־געשריי פון דעם הייפּעלע און אָט־דעם געזאַנג:

צו לעבן, צו וויסן,
דאָס לעבן געניסן
מיט הימלשע פּרוכט און געטראַנק,
צי טויבן, צי שלאַנגען —
אַבי אונז דערלאַנגען!
מיר נעמען און געבן אַ דאַנק.
מיר ווילן פאַרגעסן
כּל־זמן ווי מיר עסן,
כּל־זמן ווי מיר טרינקען דעם ווײַן,
צו אַנדערע לעבן;
מיר האָבן צו שטרעבן
פאַר זיך נאָר, אום גליקלאַך צו זײַן.

מיר די געקליבענע,
זיי די פאַרבליבענע —
מיר קענען מיט זיי זיך ניט פּאָרן,
אויסער זיך רייבנדיק,
אייביק פאַרבלייבנדיק
די מילשטיינער איבער די קאָרן.

„פּרעכע, נידערטרעכטיקע מענטשן!“ — אַזעלכע און אַנ־דערע ווערטער ווילן אַרויס פון מיינע ליפּן, אָבער איך שווייג.
און דאַן הער איך אַ שרעקלאַכן יאָמער פון דעם גרויסן הויפן. מען זינגט? מען קלאָגט? איך הער נאָר אָט־די שטים:

דריי שווידער־געשטאַלטן,
דריי שרעקלאַכע בילדער
פון מאָנסטערס, וואָס שאַלטן
און וואַלטן אַלץ ווילדער,
פאַרוויסטן דאָס לעבן,
פאַרגיפטן דעם טויט —
פון מענער און ווייבער
אין צוואַנג בּאַ אַ באַנדע,
וואָס נעמט פון זיי לייבער
צום דינסט צו דער שאַנדע,
הייסט שפּינען און וועבן
פאַרהונגערטעדהייט
און די דריי געשטאַלטן
פון פרויען, וואָס שוועבן
פאַר אונז, און זיי האַלטן
אין צוואַנג אונזער לעבן,
און מאַכן זיך שפּעסער
פון אונזער געוויין, —
פון זיי דריי איז איינע
אַ ממזר פון׳ם גלויבן,
די צווייטע — אַ קליינע
חברותא צום רויבן,
אין מאַכט אימער גרעסער,
אין צאָל אימער קליין;

די דריטע האַלטביידן
זיי אויף מיט מיליאָנען
פון שווערטער און שיידן,
פון שפּיזן, קאַנאָנען,
באַרייט זיי צו געבן
פאַרבלוטיקטע ברויט.
און די דריי געשטאַלטן,
די שרעקלאַכע בילדער, —
זיי שאַלטן און וואַלטן,
דערשיינען אַלץ ווילדער,
פאַרוויסטן דאָס לעבן,
פאַרגיפטן דעם טויט.

און איך דערזע ווי באַ דער איידעלער יונגפרוי גיסן זיך טרערן פון די אויגן. איך בליק אַרויף צום פרייהייט׳ס גייסט; ער ווינקט צו מיר צו רעדן.

„ווי הייסט זי“ — פרעג איך, — „אָט־די יונגפרוי, וועלכע טראָגט קייטן פון גאָלד אַף די פיס, און גיט וויינענדיק נעקטאַר און גיפט ?

„אַמעריקע...“ — ענטפערט דער גייסט.

## אין די גרויסע נשמה*)

אין אַ שלאָפבאַנק אויף אַ פּערינע, וועלכע האָט אויף זיך אויסגעהאַלטן דריי דורות, בין איך יענעם יום־כּפּור געלעגן אין היץ־קרענק. ניט ווייט פון מיר איז געשטאַנען אַ מורא'דיק־הויכע וואַקסינע ליכט און האָט מיט שטאָלץ געברענט, ווערנדיק, נאַטירלאַך, אַלץ מער אָפּגעצערט, ווי יענער הויכער שטאָלצער ברענער, וואָס באַלייכט אַלץ, וואָס געפינט זיך אַרום אים...

די גרויסע וואַקסענע ליכט האָט זיך געברענט רואיק, געלאַסן און שטאָלץ, אַ שטייגער אַזוי ווי זי וואָלט געוואָלט זאָגן:

„איך קען ניט אייביק וואַרימען און לייכטן אַזוי ווי די מעכטיקע זון אין הימל, זיך ניט אָפּנוצנדיק, אָבער ווען אויך מיין עקזיסטענץ איז קורץ, ווייס איך דאָך, אַז איך ברייננג אין אָט־דעם טונקעלן צימער אַריין אַ ליכטיקייט, אַ וואַרימקייט". שפּעטער מיט יאָרן האָב איך אָפט געטראַכט אַרום יענע יום־כּפּור'דיקע וואַקסליכט, זעענדיק ווי עס איז בּיסלאַכווייז אויסגעגאַנגען פאַר מיינע אויגן דער שטאָלצער, שוואַכער יונגערמאַן, וועלכער האָט באַלויכטן און אָנגעוואַרימט יעדן ווינקעלע אין מיין דונקעלן, אָפּגעקילטן האַרצן. איר האָט גאַלאָפּ'ן**) ניט געזען און האָט אים ניט געקענט; מאַנכע האָבן אים געקענט און האָבן אים קיינמאָל ניט געזען, נאָר עטלאַכע פערזאָנען האָבן אים אי געזען אי געקענט. אין זייערע הערצער לעבט ער פולקומען.

אָ, יאָ! ווען איך האָב אים געזען שמילקענדיק און אויסגייענדיק, האָב איך אָפט געטראַכט וועגן יענע יום־כּפּור'דיקע

*) „דער אמת", 4טן אָקטאָבער, 1895. (דער ערשטער זאַץ איז געענדערט).

**) קאָנסטאַנטין גאַלאָפּ (1862—1892), דער יונג פאַרשטאָרבענער רעדאַקטאָר פון „אַרבעטער פריינד". ווינטשעווסקי האָט אים באַזונגען אין אַ ריי לידער און אים אויך געווידמעט זיין בוך „דער משוגענער פילאָזאָף אין ענגלאַנד", ניו יאָרק, 1920.

וואקסענע ליכט און דאן האָב איך מיך דערינערט אָן דאָס, וואָס האָט מיט מיר פּאַסירט אין מיין פיבער און דאָס וועל איך היינט דערציילן, אויב איך וועל נאָר קענען ווי עס איז אָרגאַניזירן מיינע געדאַנקען... קיינער ווייסט ניט, ווי שווער עס איז צו האַלטן געדאַנקען אָרגאַניזירט, אין אָרדנונג, זיך העלפנדיק און ערגענצנדיק איינער דעם אַנדערן ; ווי שווער עס איז זיי אָפּצוהאַלטן פון שטויסן זיך איינער קעגן צווייטן, פון שטערן זיך קעגנזייטיק, פון מאַכן אַ טומל, וואו זיי וואָלטן געקענט, זייענדיק אָרגאַניזירט, אויסטראַכטן עטוואָס האַרמאָניש־פּולקאָמענעם... אַי, אַי, אַי ! דאָס שמעקט מיט טייטש, ערגער ווי קאַרטאָפל־סאַלאַד, בנאמנות! איך זאָג, געדאַנקען איז שווער צו אָרגאַניזירן, כמעט אַזוי שווער צו אָרגאַניזירן און האַלטן אָרגאַניזירט ווי אידישע אַרבעטער... ווער עס זעט ווי די אַרבעטער פירן זיך צייטנווייז, וואָלט אפשר געגלויבט, אַז עס איז פאַראַנען אַ סמיכות־הפּרשה צווישן אַרבע־טער און געדאַנקען, אָבער דאָס מאַכט ניט אויס : איז ניטאָ דאָ, איז דאָ אַנדערשוואו; איז ניטאָ היינט, וועט זיין מאָרגן.

אָבער לאָמיך אייך דערציילן וואָס מיט מיר האָט אין יענעם אָוונט פּאַסירט:

מיר האָט זיך אָפּגעדוכט, אַז איך בין באַפּרייט פון מיין קער־פּער, אַז איך בין לויטער נשמה און אַז איך שוועב אַרום אינם צימער, זוכנדיק אַ וועג אין דער וייטער וועלט אַריין.

פּלוצלונג — אַזוי האָט זיך מיר אָפּגעדוכט — זע איך פאַר זיך אַ גרעסערע נשמה, וועלכע נעמט מיך אַריין אין זיך און פליט מיט מיר אוועק.

אין איין אויגנבליק זענען מיר בײדע אין דער גרויסער שול, וועלכע איז באַלויכטן מיט הונדערטער ליכט און אָנגעפּאַקט מיט אידן אין ווייסע קיטלען. מאַנכע פון זיי וויינען, אַנדערע קלעמען זיך און אַלע בורבלען אַ תפלה.

און די נשמה לאָזט מיך פריי און איך שוועב אַרום אין שול איבער די הונדערטער איינגעבויגענע קעפּ און איך באַמערק, אַז וואָס נענטער צום טיר גיסן זיך אַלץ מער ביטערע טרערן.

און די גרעסערע נשמה קומט צו פליען צו מיר און זאָגט:
„אַט־די שול איז ווי די גאַנצע וועלט: די פולע בייכער מיט ליידיקע הערצער שטייען אויבנאָן, אין מזרח־וואַנט; די ליידיקע בייכער מיט די פולע הערצער — פול מיט פריסטשעס און מיט וואונדן — שטייען באַם טיר ווי בעטלער. זיי שטייען, זענען אָפּגעקאָדערט, אויסגעמאָרעט, אומגעלערנט, און זיי וויינען. זיי האָבן זיך געלאָזן די טרערן, בעת די שולן, די שפּייז, די קליידער און די ווייבע בענק צום זיצן האָבן זיי אָפּגעגעבן צו די מענטשן פון מזרח־וואַנט.

און זי האָט פאָרטגעזעצט און ווייטער גערעדט, זאָגנדיק:
„אָן שטייט דער רב. גיי אַריין צו אים אין הארצן און זע וואָס דאָרטן טוט זיך. דאַן גיי אַריין צום מגיד, וועלכער שטייט לעבן אים, דאַן צום גבאי, דאַן צום גביר פון שטאָט, דאַן צו די איבעריקע אָנגעזעענע בעלי־בתים און זאָג מיר, וואָס דו זעסט דאָרין".

ווען איך האָב געהאַט געטאָן, ווי זי האָט מיר באַפעלן, האָב איך איר געהאַט צו דערציילן שרעקלאַכע זאַכן.

אין דעם רב'ס הארצן האָב איך געזען אַ צונויפגעקאָרטשעטע אמונה, וועלכע איז געווען ארומגערינגלט מיט צווייפל, וואָס דער רב האָט געהאַלטן פאַר אַ בייזע שלאַנג. און דער צווייפל האָט געעדערט די אמונה און דער רב האָט געוויינט זיך שרעקלאַך קלאַפּנדיק אין הארצן איין על־חטא נאָכן אַנדערן.

און ענלאַכע זאַכן האָבן איך געזען אין אַנדערע הערצער, מער ניט אין יעדן פון זיי איז די אמונה געשטיקט געוואָרן פון אַן אַנדער זאַך. באַם מגיד האָט איר געוואָרגן איין סאָרט גאוה, באַם גבאי — אַן אַנדער סאָרט; באַם גביר פון שטאָט איז די אמונה געווען ארומגערינגלט מיט וועקסלען, היתר־עסקא'ס; באַ יעדן אַנדערן איז זי געווען צוגעדריקט פון אַלערליי חשבונות, קוויטונגען, אַסיגנאַציעס, לאָטעריע־צעטלאַך און ענלאַכע זאַכן.
„דו זעסט" — האָט די גרעסערע נשמה צו מיר געזאָגט —
„זייערע ליפּן בורבלען תפלות, אָבער אין זייערע הערצער האָט

גאַט אַ קליינעם ערטעלע, אַ גאַנץ קלייניטשקן. זייערע טרערן זע־
נען צעשמאָלצענע מטבעות, זייערע זיפצן האָט אַ אַפקלאַנג פון
אַלערליי תאוות און זייער דאַווענען איז אַ געשריי נאָך געלט".

און מיר ווייזגדיק די מענטשן באַם טיר, האָט זי צו מיר גע־
זאָגט:

„אָט יענע, זעסטו, דאַווענען ערלאַך און בעטן מחילה באַ גאָט
פאַר זינד, וואָס זיי האָבן נ י ט באַגאַנגען, זיי דאַנקען אים
פאַר זאַכן, וועלכע ער האָט זיי ניט געגעבן און בעטן זיך אויס
לאַנגע יאָר צום קרענקען, צום ליידן, צום קוועלן זיך, צום לעבן
אין פאַראַכטונג באַ אַלע די מענטשן פון דער מזרח־וואַנט, וועלכע
זיי באַדינען און פאַרזאָרגן און האַלטן אויף.

„זיי וויינען. אָ, יאָ — זיי וויינען! זיי וויינען אָבער ניט
אַזוי שטאַרק אויף די זינד, וועלכע זיי האָבן באַגאַנגען, ווי אויף די
זינד, וועלכע מען האָט באַגאַנגען קעגן זיי און שרעקלאַך האָט
מען קעגן זיי געזינדיקט. נאַטירלאַך, קליין־נשמה'לע, דאָס פאַר־
שטייען זיי ניט אַזוי גוט, ווי זיי וואָלטן עס געמעגט פאַרשטיין,
אָבער...

„און ווער ביזטו?" — האָב איך די גרויסע נשמה געפרעגט.

„איך בין די מענטשן־ליבע" — האָט זי געענטפערט און זי
איז פאַרשוואונדן געוואָרן.

ווען איך האָב מיך אויפגעכאַפּט, האָב איך געבעטן אַ טרונק,
אָבער די וואַקסענע ליכט איז געווען די איינציקע אין שטוב. איר
פלאַם האָט זיך אַ בויג געטאָן צו מיר, ווי איינערזאָגט: „מיין
עובדא איז צו געבן פייער און ליכט און אַליין דאַרין פאַרצערט
ווערן. וואַסער וועסטו קריגן גענוג אָן מיר, ווער נאָר געזונט".

איך האָב געקראָגן געגוג פון יענעם טאָג אָן, פון מיילער און
פון ביכער, עפּטערס — מוטנע.

## דער מענטשנפריינט*).

א זעלטענער יונגערמאַנטשיק! פריש ווי א לאַנדאַנער לאָרד־מייער דעם צענטן נאָוועמבער; רויטלאך אפן פנים, ווי א ציגל נאָר־וואָס פון קאַלכאויוון ארוים; גראַנטאָוונע געבוים, ווי דער קבר פון רויטשילד אין פאַריז; מיט צוויי קלאָרע אויגן, וועלכע זעען אוים, ווי א פּאָר דעטעקטיוום, וואָס האָבן אקאָרשט געמאַכט א לחיים; מיט פּלייצעס רונד, ווי צוויי פּרנס־קדש'דיקע בייכלאַך; אין א קאַפּאָטקעלע, וואָס קלעפּט צו זיין איינגעפּונדעוועטן גוף, ווי אן אמעריקאַנער פּאָליטישן צו א פעטן „דזשאב“; אין א פּאָר שטיוועלאך, וועלכע שיינען פאַרשוואַרצטערהייט, ווי א סוחר אַף זיין טאָכטער'ם חתונה א טאָג פאַרן באַנקראָט... בקיצור, א יונגער־מאַנטשיק, וואָס בעט זיך פאַר א לוסטיקן העלד אין א פּאַריזער ראָמאַן אריין און דאָך...

אָך, די דאָכ'ן! אָי, די אָבער'ן! וועלכער טייפל האָט זיי דער־פונדן? וואָס פאַרצייטן איז געווען ו י ה י איז היינט א דאָך: וואו נאָר א דאָך, דאָרטן איז א צרה. עס איז משונע צו ווערן. אָט איז א יונגערמאַנטשיק, וועלכער דאַרף זיין פריינט־לאַך צו אַלעמען; ווייך ווי פּוטער און זים ווי האָניק, און צום סוף איז ער גאָר א מענטשנפריינט.

— דאָ האָט דער זעצער אָנגעמאַכט א צרה, — עס האָט אודאי געדאַרפט שטיין „מענטשנפיינט“ און דער „ריש“ האָט זיך אריינגעג'גנב'עט אינם פיינט, ווי דער היינגענדיקער „נון“ אין משה, ווי דיביידע נאַפּאָלעאָנ'ם אין דער פראַנצויזישער רעפּובליק,

*) „דער אמת“, 29טן נאָוועמבער, 1895.

ערשטע און צווייטע, ווי... נאָר לאָמיר בלייבן באַם ענין. דאָס גיב איך איבער אייערע רייד און איר ווי'ט גאָר ניט, אלואי וואָלט איר דאָס געטאָן, וואָלט איך געקענט געניסן אַ רואיקן עלטער.

בקיצור, דער אומגליק איז, וואָס ער איז אַ מענטשנפריינט. ווי אַזוי? אָט הערט:

— אַנטשולדיגט, — האָב איך אים אונטערבראָכן, — רופט מיך ניט פילאָזאָף, דאָ אין אַמעריקע זענען דאָ שטיוול־פוצער, שערער און אַנדערע אַזעלכע, וואָס רופן זיך פּראָפעסאָרן. דאָס איז נאָך צום אַריבערטראָגן: אַ שטיוול־פוצער און אַ שערער זע־נען יעדנפאַלס ערלאַכע מענטשן און עס איז זאָגאַר נאָך אַ גרויסע פראַגע, צי זיי אָדער די פּראָפעסאָרן דאַרפן זיך געפינען באַליידיקט דורך דעם פאַרגלייך, אָבער פילאָזאָפן! ווען איר וואָלט וויסן ווער... אָבער לאָמיר אייך אויסהערן: אַלזאָ, איר זייט אַ מענטשנ־פריינט, האָט איר ליב אַלע מענטשן? אָט, למשל, די ווילדע? וואָס מכוח זיי?

— איך קען ניט זאָגן, אַז איך ליב זיי. ווען מען רעדט וועגן מענטשן, טראַכטן מען געוויינלאַך ניט וועגן ווילדע.

— ווארום ניט?

— קיינער טוט דאָס ניט.

— זייער גוט, אָבער די ציוויליזירטע... וואָס זאָגט איר וועגן זיי? האָט איר ליב, למשל, די אַמעריקאַנער?

— וועלכע, הער פיל...? די זיד־אַמעריקאַנער האָב איך פיינט, זיי האַלטן אין איין בורענען זיך, אין איין מאַכן פוסטע רעוואָ־לוציעס זענען גאָר קיין מענטשן ניט.

— נו, און די נאָרד־אַמעריקאַנער?

ניט איבעריקס, זיי זענען בלאָפערס אָדער פאַרבלאָפטע; זיי האָבן די בעסטע קאָנסטיטוציע אין דער וועלט און מאַכן פון איר גראַד אַזאַ געברויך, ווי...

— אַ ליטווישער פויער פון זילבערנע עץ־חיים'ס — האָב איך אים אַרויסגעהאָלפן — ניט זיי מאַכן דערפון וואָס, ניט זיי לאָזן אַנדערע מאַכן. ווי איך זע, האָט איר צו זיי קיין גרויסע ליבע

ניט. אָבער איר ליבט געווים די קאַנאַדער און די ציוויליזירטע אין אויסטראַליען?

—ניין, זיי זעט איר גראָד ניט. מענטשן, וואָס לאָזן איבער זיך וואָיעוועץ א נאַרישע אַלטע גוי'ע*), האָב איך פיינט. אָ, יאָ!

— איך מוז צוגעבן, אז אביסעלע רעכט האָט איר, הגם די מעשה איז ניט אַזוי געפערלאך, ווי איר מיינט. ווייטער. עס פארשטייט זיך, אז איר קענט ניט זיין קיין גרויסער פריינט פון די אזיאטן און אפריקאנער, סיי ווייסע, סיי געלע, סיי רויטע?

— געווים ניט. זייט איר?

— ארום מיר ריידן מיר ניט. מיר האָבן אָפּגעפּטר'ט אַן ערך פון עלף הונדערט מיליאָנען מענטשן. איצט בלייבט אונז איבער די אַלטע אייראָפּע.

— דאָס הייסט יוראָפּ. דאָ מוז איך אייך אָפּן זאָגן, אז איך האָב פּשוט פיינט די טייטשן.

— די גאַנצע נאַציע? מיט שטעקערן**), מיט אַלעמען?

— שטעקערן געווים. וואָס קען זיין פאר א גוטס אין א פאָלק, וועלכעס טרינקט ביר, עסט וואורשט און שטימט פאר סאָציאַל־דעמאָקראַטן.

— זענען די סאָציאַל־דעמאָקראַטן ניט אַנאַרכיסטיש גענוג פאר אייך?

— איך בין ניט קיין אַנאַרכיסט, איך...

— דאָס מאַכט ניט אויס. לאָמיר גיין ווייטער. וואָס מכוח די פראַנצויזן? די שווייצער?

— זיי זענען רעפּובליקאַנער, ערגער ווי די מאָנאַרכיסטן.

— אַלזאָ, האָט איר די אַנדערע פעלקער אויך ניט ליב; ע ר ג ע ר באַטייט, אַז יענע זענען אויך ש ל ע כ ט.

—איך וועל אייך זאָגן...

---

*) די ענגלישע קעניגין וויקטאָריע.

**) אַן אַנטיסעמיטישער פירער.

— מחשבות'ן — האָב איך אונטערבראָכן, — וועט איר נעמען אַ שמעק טאַבאַק?

— איך האָב פיינט טאַבאַק, — האָט ער האַסטיק געענטפערט.

— טאַבאַק אויך? גוט, גוט. וואָס האָט איר געוואָלט זאָגן?

— די זיד־אייראָפּייער זענען צו היציק און די נאָרד־אייראָפּייער — צו קאַלט. די אַנדערע זענען ניט אַהין און ניט אַהער.

— ווי איך זע, ליבט איר נאָר רוסלאַנד.

— רוסלאַנד? פאַר װעלכע מעשים טובים? די רוסן אַליין זענען באַרבאַרן מיט אַ ציוויליזירטער שפּראַך, די אַנדערע ראַסן, וואָס לעבן דאָרט, לאָזן זיך פון זיי אונטערדריקן.

— װעמען ליבט איר אַף דעם אופן? איר זייט אַ מיטגליד פון אַ פאַראיין, ליבט איר לכל הפחות די מיטגלידער?

— פערזענלאַך, געוויס ניט.

— ליבט איר אייער ווייב?

— איך האָב ניט קיין ווייב.

— ליבט איר אייער יונגע דאַמע?

— איך וואָלט זי געליבט, נאָר זי האָט זיך פאַרקאָכט אין אַן אַנדערן און איך מוז זי האַסן.

— אַף דעם אופן ליבט איר נאָר זיך אַליין.

— הער פילאָזאָף... אַנטשולדיקט וואָס איך רוף אייך אַזוי— איך בין קיין עגאָאיסט ניט.

— זיך אויך ניט? טאָ וואו איז אייער מענטשנליבע?

— הערט, — האָט ער אויסגעשריען — איר נעמט מיך צו שטאַרק אַפן „דאַפּראָס".

מיט די ווערטער האָט ער אַ האַק געטאָן די טיר, אַז עס זענען שיר ניט אַלע מזוזות אַרויסגעפאַלן, און איז אַוועקגעגאַנגען.

אַ זעלטענער יוננערמאַנטשיק, ניין?

# וואָס זאָל איך טאָן?*)

„עס איז אַ וואונדערבאַרע זאַך
„מיט מיין געלעכטער און געוויין:
„איך בין ניט לוסטיק ווען איך לאַך
„און טרויער ניט בשעת איך וויין“.

אָט־די ווערטער זענען געווען דער אָנהויב פון אַ געדיכט, וואָס איך האָב נ י ט פאַרפאַסט מיט זעקס יאָר צוריק. איך האָב דאָס געדיכט ניט געמאַכט, ווייל איך האָב ניט געקענט און האָב דאָס אָנגעהויבן צו מאַכן, ווייל אַ מינסקער נעמט זיך צו אַלץ. ווען איך וואָלט ניט מורא געהאַט זיך צו פאַרדרייען אָן אַ זייט, וואָלט איך אייך דערציילט אַ גאַנצע ציקעלע מיט מיינעם אַ לאַנדס־מאַן, וועלכער האָט אָפּגעפינסטערט זיין גאַנצן לעבן נאָר דורך דעם, וואָס האָבנדיק אין זיך מינסקער בלוט, האָט ער זיך גענומען צו אַלץ אין דער וועלט: ער האָט זיך זאָגאַר גע׳שמד׳ט אום צו פּרובירן זען צו ער וועט דאָס קענען פּועל׳ן בא זיך און ער איז וואַרשיינלאַך געשטאָרבן, דאָס הייסט, גע׳פּגר׳ט אויך צוליב דעם זעלבן גרונט, אַשטייגער ווי איינער זאָגט: „לאָמיך זען צו איך וועל קענען אָפּטאָן אזא מעשה!“ ער איז ניט די איינציקע חיה פון אָט־דער גאַטונג: ווילהעלם דער ליאַרם־מאַכער איז אזא נפש און חוץ אים איז דאָ אין אמעריקע פאַראַן אַ שרייבער, וועלכער קוילעט זיך אליין דורך נעמען זיך צו זאַכן, וואָס זענען ניט פאַר אים געדאַכט, ווי למשל, זאָגן חכמות און ריידן אַרום אַנדערע, וועד־

*) „דער אמת“, 17טן יאַנואַר, 1896. (באַם געזעגענען זיך מיט די לייענער, ווען די סאָציאַליסטישע אַרבעטער פּאַרטיי האָט געהייסן אויפגעבן דעם „אמת“ זיין קריטיק קעגן דער פּאַרטיי, און די אָפּאָזיציע האָט דערפאַר באַשלאָסן אים צו ליקווידירן).

ליק ער איז פון דער נאטור געשאפן צו ריידן ארום זיך און זאָגן תפלה זכה, וואָס דאָס קענט איר זען אױף זיין נאָז... איך ווייס ניט צי איר האָט ווען עס איז געהערט פון נארציסוס, דעם שיינעם יונגן מאַן, וועלכער איז געווען אזוי פארליבט אין זיך אליין, אז ער פלעגט זיצן בא א טייך אום צו באטראכטן זיין פנים (עס זענען נאָך דעמאלס ניט געווען קיין שפיגלען, ליבע לעזערינען!) און איז ביסלאכווייז אויסגעגאנגען פון ליבע צו זיין אייגענע ליבלאכע פער־זאָן, ניט זאָגנדיק חכמות, ניט אנדערע זאכן. אָט אזא ראָלע האָט געדארפט שפילן דער שרייבער וועלכן איך האָב ערמאָנערט, אָבער די טבע צו נעמען זיך צו אלץ איז גובר דעם גראדן שכל און דער אָרימער נ א ר ־ צ י ס ו ס קוילעט זיך אוועק מיט זיינע אייגע־נע גלייכווערטלאך. ער... אָבער לאָמיך זיך צוריקקערן צו מיין ענין.

איך הויב אָן פון דאָס נייע. מיט זעקס יאָר צוריק, ווען די ציװיליזירטע וועלט איז דערשטוינט געוואָרן פון דעם ערשטן בינטל פון מיינע „צושלאָגענע געדאנקען", האָב איך נ י ט פארפאסט א גערינט וועלכעס האָט זיך אָנגעהויבן מיט די ווערטער:

„עס איז א וואונדערבארע זאך
„מיט מיין געלעכטער און געוויין:
„איך בין ניט לוסטיק ווען איך לאך
„און טרויער ניט בשעת איך וויין".

צו יענער צייט האָב איך געהאלטן אין איין קלערן וועגן מיין גע־לעכטער און געוויין און, ניט קענענדיק דאָס אויסקלערן אין פראָזא, האָב איך פרובירט קלערן אין פאָעזיע, אָבער פאָעזיע איז ניט מיין פאך, און דער פועל יוצא דערפון איז געווען, אז איך האָב די קלערעריי פארטגעזעצט אין פראָזא און צום סוף פון 1889 בין איך געקומען צו דער איבערצייגונג, אז איך קום ארויס פון א גלגול פון די ביידע אלטע פילאָזאָפן: דעמאָקריטאָס, „דעם לאכעדיקן"

און הערראַקליטאַס, „דעם וויינענדיקן“, ווי מען האָט זיי גערופן אין די אַלטע צייטן אין גריכנלאַנד.

און, מערקווירדיק ! היינט גייען מיר עפּעס יענע פיר גע־גראַמטע שורות פון קאָפּ ניט ארויס. פאַרוואָס ? איך וויים אליין ניט. און אפשר איז דאָס דערפאַר ווייל מיר ווילט זיך נאָכ־אַנאַנד אי לאַכן אי וויינען. אָבער דעמאָקריטאָס און הערראַקליטאָס שטויסן זיך איינער דעם אנדערן אין ברוסט ווי עשו און יעקב אין רבקה'ס לייב און איך קען ניט לאַכן.

מיר ווילט זיך וויינען, ווייל איך האלט זיך ווידער אַמאָל באם געזעגענען מיט פילע פריינט, וועלכע האָבן צוזאַמען מיט מיר גע־ליבט, און געהאַסט און געהאָפט און געציטערט ; ווייל פּנים'ער, וועלכע האָבן אָפט אַנגעוואַרמט מיט זייערע פריידנשטראַלן מיין פאַרגליווערטע הארץ און האָבן געבראַכט צום שמעלצן און צום פליסן פילע פאַרהאַרטעווע געפילן, — ווייל, זאָג איך, אָט־די פּנים'ער וועלן באַלד פאַרשוואונדן ווערן פון מיינע אויגן און וועלן באַצויגן ווערן מיט וואָלקנס פון „אַמאָל“, וועלן ווערן געוועזענע, אַמאָליקע, פאַרגאַנגענע ; ווייל פילע פריידיקע, באַגייסטערטע סצענען וועלן ווערן בלייכער, בלאַסער — בלאַסער, בלייכער, ביז זיי וועלן צוזאַמען מיט מיין גוף באַגראָבן ווערן אין קאַלטן קבר, וואו עס ווערט אויסגעמעקט דער זכר פון ליבע און פרייד און באַ־גייסטערונג.

אָי, ווילט זיך מיך וויינען !

אָבער דער דעמאָקריטאָס אין מיר לאָזט מיך ניט. „איז דאָס א צייט צום וויינען?“ שרייט ער אוים מיט א גיפטיקן שמייכל אַף די ליפּן. די וועלט איז א גרויסער טעאַטער, אַף וועלכן ער ווערט נאָכאַנאַנד געשפּילט א גוואַלדיקע קאָמישע פּיעסע. קוק זיך צו צו די דומהייטן, וועלכע די אַקטיאָרן שפּילן אַף דער וועלט־בינע און לאַך“ און איך קוק זיך צו און מיר ווילט זיך לאַכן. „ווי דום אָט־די שטערבלאַכע זענען !“ רוף איך אוים די ווערטער פון שעקספּיר'ם

פּאָק; ווי לעכערלאַך און לאַכהאַפּטיק די גאַנצע געשיכטע איז! וואָס שיידט מיך איינגנטלאַך פונאַנדער פון יענע אַלע ליבלאַכע גע־זיכטער? די אייביק מענטשלאַכע דומהייט, אַ שפּיגל וועלכער קען אייך ניט חנפה׳ענען, וועלכער מוז אייך ווייזן אייער פּנים מיט אַלע זיינע רונצלען, מיט אַלע פּימפּעלס, מיט אַל דעם שמוץ, וועל־כער האָט זיך אָף אים אָנגעזאַמלט; אַ שפּיגל וועלכער ווייזט אייך אַ זויערע מינע, און טאָמער ווערט די מינע נאָך זויערער פון דער באַטראַכטונג, ווייזט ער אייך אָט־די מינע אין דעם געשטייגערטן גראַד פון איר זויערקייט. ער ווייס ניט פון קיין קונצן. טאָמער ווילט זיך וועמען עס איז דעם שפּיגל צעברעכן, טאָמער געלינגט עס עמיצן, טאָמער ברייגגט עס מיט זיך מיט אַ שיידונג צווישן דעם שפּיגל־האַלטער און זיי, וואָס האָבן דעם שפּיגל באַשאַפן איז דאָך דאָס נאָר לעכערלאַך און אַלעם וואָס מען קאָן טאָן איז נאָר לאַכן, לאַכן ווי איבער די דומהייט פון דער אַבעזיאַנע „אין קרילאָווס פאַבל.

און די טרערן אין די אויגן, וועלכע האָבן געוואָלט אויסדריקן אַ צובראַכן האַרץ, דריקן אויס אַן איבערגעפּילט האַרץ, אַ האַרץ וואָס קען פּילייכט צופּלאַצט ווערן, אָבער ניט פון געוויין נאָר פון געלעכטער.

אַי, ווילט זיך מיך לאַכן!

האַ־האַ־האַ! האַ... „האַלט!״ שרייט העראַקליטאָס. ער רוקט זיך פּאָרווערטס ארויס אין מיין ברוסט, שטויסט דעם אַלטן דעמאָקריטאָס אוועק אָן אַ זייט און איך הער אַ שרעקלאַך טרויערי־קע שטימע:

אַלטער, דו גייסט מיטן שטאָק אין דער האַנט,
היינטיקן טאָג ארויס וואַנדערן,
און דאָס עראָבערטע שטיקעלע לאַנד,
לאָזטו דאָ איבער אַנאַנדערן.
ווער, אין דעם ביטער־באַצוואונגענעם לאַנד,

איז יענער נייער דער אנדערער ?
ענדינט זיך דאָ פון א ווערק נאָר א באנד.
אָדער — אונגליקלאכער וואנדערער ! —
שטעלט פּילייכט פאָר דאָ דיין איצטיקער שפּרוך,
נאָר פון א ווערק א פארדאָרבענעם
איינפאך דעם שלום פון דעם טראגישן בוך,
און בּאַ א מאַן א געשטאָרבענעם
פון דער גסיסה דעם שרעקלאכן זיפץ,
אין דער צוואה דאָס בלאסע געשריפץ ?

„אומזין ! אומזין !" שרייט דעמאָקריטאָס. „נאָר ניט פארצווייפלט ! דער שטאב אין דער האנט קען ווערן א מעכטיקע וואפע קעגן דעם פיינט, א מעכטייקע שטיצע פארן פיינט. גיי וואנ־דער, אָבער לאך פון דער גאנצער וועלט ; וואָס ערגער זי איז, גיט זי אלץ מער שטאָף צום לאכן !"

אָ, ניין, איך קען ניט לאכן, אָבער איך קען אויך ניט וויינען,
— זאָל איך שווייגן ? זאָל איך שלאָפן ?
מיר וועלן זען.



# די צווייטע טעג פּסח*)

אָט ווי איך זאָג אייך: די צווייטע טעג פּסח האָט זיך מיר אָף די עלטערע יאָרן תמיד געדרעמלט. ניט זינדיקן זאָל מען מיט די רייד, אָבער די צווייטע טעג זענען עפּעס ניט אינגאַנצן אַ יום־טוב; זיי זענען לגבי יענע כמעט דאָס אייגענע וואָס די צווייטע פּאָר פּראָסלעס צוויינער זענען קעגן די ערשטע; די נפקא־מינה צווישן אַ פּלונית'טע און אַ ווייב, צווישן אַ ווייב און אַ כלה, צווישן אַ כלה און אַ געליבטע, צווישן אַ געליבטע וועלכע איר האָט און אַ געליבטע וועלכע איר וואָלט וועלן האָבן — די נפקא־מינה צווישן זיי איז ניט גרעסער ווי צווישן די ערשטע און די צווייטע טעג יום־טוב. און מיינט ניט אַז דאָס איז דערפאַר, ווייל די מכות זענען שוין אָפּגעטונקט, דער אפיקומן אָפּגעגנב'עט, די הגדה אָפּגעזאָגט, די קשיות אָפּגעפרעגט. צווייטע טעג, ערשטע, — יום־טוב איז יום־טוב, און די קניידלאַך זענען אין פּלוג אַזוי פעט ווי געוועזן, און דער מאָגן וואָס בורעט זיך, שילט די בייזע האַלז ווי געשאָלטן, און אָפן טיש שטייט ראָסל, וואָס האָט דעם קאָליר פון אַ געכאַפּטן ליגן אָדער פון פּרעה'ס ערשטע מכה און אַ פּאַרע גייט דערפון ווי פון דעם פּאָפּוליסטישן**) ענטוזיאַזם, וועלכער (ווי די ראָסל) אָנגעהיצט אָבער בטבע וואַסערדיק, זויערדיק אָבער ניט קרעפטיק, קאָכעדיק אָבער ניט אָף לאַנג, רויט אָבער ניט רויט ווי די רויטע פאָן, נאָר ווי אַ צופלאַמטע באַק. ראָסל איז פון דעסטוועגן ראָסל און דאָס איז דאָ. חוץ דעם איז נאָך דאָ מעד — מעד, וואָס איז געוואָרן בעסער און פיינער איבערגעקלערט ווי אַ אידישער פּלאַן, מעד, וואָס האָט אין

*) „פאָרווערטס", 23טן אַפּריל, 1897 (פאַרקירצט).

**) אַן אַמעריקאַנער קליינבירגלאַכע פּאָלקספּאַרטיי.

זיך די מתיקות פון דעם באַלעבעסל'ס א מה־יפית, די שטאַרקייט פון יאַנקל צוואָראַך'ס ליטעראַרישן כריין, אַ מין כריין, אין וועלכע עס פעלן, למשל, זאַלץ און פעפער, אָבער וועלכער איז פונדעסטוועגן ביטער גענוג, געזאַלצן גענוג און שטאַרק גענוג אייך צו געבן א גרע־סערן האַק אין נאָז ווי די ערגסטע לעמבערגער קעז. און דאָן איז נאָך דאָ מצה אין קאַסטן, הגם מייסטענס צוקראָכענע און צוגעסמאַ־ליעט ווי די האַרץ פון א פאַנטאַזיאָרקע, אָבער מצה איז נאָך אַלץ דאָ אין קאַסטן ווי עס זענען נאָך דאָ פיוטים אין דעם מחזור, עט־וואָס רייַנלאַכקייט אַפן פאָדלאָגע, צופרידנהייט אַפן פנים, א ווייַ־סער פאַרטוך באַ דער ווייב, וועלעשע נים באַ די קינדער, קרעדיט אַף אַן עליה אין קלויז, אַביסל ריצן־אייל אַף אסרו חג, אַן אויסזיכט אַף עולם־הבא לאחר מאה שנים. און דערווייל שטימט נאָך דער חשבון פון די ספירה, און עס לעבט נאָך דער גוי וואָס האָט דעם ביל־אָוו־סייל*) אַף די קרעמל חמץ, און עס איז דאָ א וואָלוועלער מלמד פאַרן אינגל אַף דעם קומענדיקן זמן, און די נעקסטע זעקס וואָכן וועט מען ניט דאַרפן זיך לאָזן שערן.

*) שטר מכירת.

## וואָס רעדט דער עולם ?*)

איר ווילט וויסן וואָס דער עולם רעדט ? קיין עולה ניט. אויסער ווען די זאך וואָס אימיצער וויל וויסן איז א דערוואקסענע מיידל אין די יאָרן, אָדער די פּאָליטיק פון דעם אייראָפּייאישן קאָנ־צערט, — א קאָנצערט, וועלכער ערינערט אייך אָן קרילאָווס קוואר־טעט, אָדער אָן דער ניו יאָרקער פּאָליס־באָארד, אָדער אָן א ליטווי־שע אסיפה, איז... פארקראָכן!

כסדר אזוי : אויסער ווען די זאך וואָס אימיצער וויל וויסן איז א דערוואקסענע מיידלס יאָרן, אָדער די פּאָליטיק פון דעם איי־ראָפּייאישן קאָנצערט, אָדער דער קץ, אָדער די באַדייטונג פון די צוויי יקום־פּורקנ׳ס, אָדער די מאָס פון דער ארבעטערס געדולד, אָדער די נאטור־געשיכטע פון א קאָקרויטש־באָס, אָדער דער צוזאַ־מענהאַנג פון א קינעטאָסקאָפּ מיט א „פייט" פון צוויי בויאנעס, אָדער דער פּרייז פון בלאָנדקייט אוף די היגע דאמענהאָר, אָדער וואָס די שמחה איז מיטן קבצן׳ס א שמחה, — אויסער ווען עמיצער וויל וויסן איינע פון אָט־די זאכן, איז דער וועלן וויסן א גרויסע מעלה.

דער וועלן וויסן איז דער פּונקט וואו עס ענדיקט זיך די בהמה און עס פאנגט זיך אָן דער מענטש ; וואו דער גלויבן קושט די מזוזה און די וויסנשאפט קלאָפּט אָן אין טיר ; וואו אלע אר־בעטער הויבן אָן צו ווערן מענטשן און שטרעבן, אז אלע מענטשן זאָלן ווערן ארבעטער ; וואו עס הויבט זיך אָן צו זען דער הויקער־דיקער רוקן פון אונזיניקע הארעוואניע און עס בעווייזט זיך א

*) „פאָרווערטס", 24טן אפּריל, 1897.

פרייליאכער זיסער פּנים פון ברידערלאַכע טעטיקייט; וואו ביס־מאַרק הויבט אָן צו שטאַרבן און קאַרל מאַרקס הויבט אָן צו לעבן.

דער ווּעלן וויסן איז א גרויסע זאַך. באַטראַכט די ריינע, אונ־פאַרדאָרבענע קינדער אין דער שול, און די געלט־באַשמוצטע פּאַריזער אַרבעטער בערזע און פאַרגלייכט איר מיט די בערלינער אַקציע־בערזע; באַטראַכט דעם בעל־שם־טוב פון אַמאָל און דעם היינטיקן עדיסאָן; באַטראַכט די רענטגען שטראַלן*) לגבי די שטראַלן אַרום דעם הייליקן יאָהאַן׳ס פּנים, — באַטראַכט דאָס אַלץ און איר וועט פאַרשטיין וואָס מען רעדט מיט אייך.

אָ, יאָ! ווּעלן וויסן איז א גרויסע זאַך, און אפילו דער חכם פון דער „מה־נשתנה" איז אויך א חכם. נאָר ווּעלן וויסן! נאָר פרעגן קשיות! אָבער ניט פיר, ניט צוויי מאָל א יאָר, ניט וועגן מצה, מרור און שאר ירקות, נאָר קשיות אָן א שיעור, קשיות א גאַנץ יאָר, קשיות וועגן ליבע, לעבן, לופט און ליכטיקייט. קשיות וועגן דעם, למשל, פאַרוואָס אָקסן־פלייש אין די יאַטקעס איז טייערער ווי מענטשן־פלייש אויף די אייזנבאַנען: וואָרום מיימים הוט קאָסט איר אזוי פיל יאָרן פון שאַנדע און פאַרוואָס אירע בעקעלאַך קאָנען נאָר זיין רויט ווען זי פאַרשוואַרצט איר אָרימען פּאָטערס אויגן; פאַרוואָס אזוי פיל אַרבעטער־קינדער ווערן געבאָרן מיט די אויגעלאַך צום בית עולם צו און פאַרוואָס עס ווערן געמאַכט מער טרונעלאַך ווי וויגעלאַך; פאַרוואָס די אומוויסנהייט איז א פערד, דער פערד אפן טראָן, און דער טראָן אויף די רואינען פון פרייהייט און גליק; פאַרוואָס מיר זאָגן עבדים היינו און ניט עבדים הננו און פאַרוואָס מיר זענען אין גלות בא זיך אליין.

און ווי גרויס דער ווּעלן וויסן איז אזוי אויך שערלאַך דער ניט ווּעלן וויסן: דאָס האָט אריינגעבראַכט אלכסנדר דעם צווייטן פאַר דער צייט אין קבר און האָט אָפּגעשניטן זיין זון׳ס יאָרן; דאָס האָט..

---

*) עקס־רעי.

לאָז זיין גענוג ! עס ווילט זיך שלאָפן, היינט איז אחרון של פסח און ארום אונז איז די אמעריקאנישע ארבעטער באוועגונג...

האַלט ! איר ווילט ווייסן וואָס דער עולם רעדט ? א דאגה אייערע.



## גראנט און מיין איינִיקל*)

מיין איינִיקל אמעריקאניזירט זיך.

איר האָט געדארפט זען ווי פארשמייעט ער איז געווען דעם טאָג ווען זיי האָבן אריבערגעקרוישקעט גרענטן**) אין זיין נייעם קבר! מער צורודערט, מער פאר'ערב־פסח'ט, מער צוקאָכט וואָלט ניט געקענט זיין א חסיד וואָס פאָרט צום ערשטן מאָל צום ליבאַווי־צער רבי'ן, ניט א צוועלף יאָר אלטער קאָרעספּאָנדענט פון דעם „הצפירה", ניט א רייכע היימישע „בארישניא"***), ווען עס קומט אריין אין שטאָט א פּאָלק אולאַנען, אפילע ניט א קליין שטעטלדיקע קליאטשע (להבדיל) בעת זי דערזעט די „טשוגונקע"****). דער בחור איז אייך פּשוט געווען ארויס פון די כלים; ער וואָלט ניט געדארפט מאכן דערפון א גרעסערן וועזן, ווען דאָס וואָלט — ווי ער הערט ניט אזוי זאָל דאָס אים ניט שאַדן! — געווען זיין איי־גענע לויה.

„זיידע — האָט ער פאנטאַזירט (פאנטאַזירט איז א גוטער וואָרט, ניין? אלזאָ, זיידע — האָט ער פאנטאַזירט) דו האָסט געדארפט זען דעם פּאַראַד! דו האָסט געדארפט זען די טויזנטער און צענדליקע טויזנטער פּאָנען! עס זענען אף די אלע פּאָנען געווען מער פאסן ווי... „ווי אף הונדערט ניקאָלאיעווסקע סאָל־דאַטסקע רוקנס נאָך שמיץ" — האָב איך אים ארויסגעהאָלפן. ער האָט דאָס ניט גאנץ קלאָר פארשטאַנען און האָט פאָרטגעזעצט:

*) פרילינג, 1897.

**) אמעריקאנער פּרעזידענט.

***) דאַמע.

****) אייזנבאַן.

„און מער שטערנס זענען געווען אף זיי, איך מיין אף די פאַ־נען, ווי אין א שיינע זומערדיקע נאכט אפן הימל... און מענטשן האָבן זיך געשאָטן פון אלע זייטן ווי צו תחית המתים... און מער קינדער מיט זייערע מאמעס זענען דאָרטן געווען ווי צו א טראגע־דיע אין אידישן טעאַטער... און סאָלדאַטן, אמת'ע און נאָכגע־מאכטע — דאָ מעג זיך אַ מיידל אָנטאָן ווי א סאָלדאַט, זיידע, לעבן! דאָ איז א פרייע מדינה, דאָ מעג מען, אויב מען קען נאָר גיין מיטן קאָפ אראָפּ און מיט די פיס ארויף, וואָס דאָס איז גוט ווען מען רעדט מיט גאָט אין הימל און מען וויל אז דער קול זאָל בעסער ארויפגיין אין דער הויך... ארויפצוצו...“

— מיין קינד — האָב איך אים אונטערבראָכן — דו ווערסט ש ו י ן צוטומעלט; אין דיינע יאָרן דארף א מענטש נאָך ריידן סקלאדנע. דו האָסט געזאָגט אז אמת'ע און פארקליידעטע סאָל־דאטן זענען...

„הום־הום! זענען דאָרטן געווען פּאָלקן־וויז, גענוג צו דער־שטיקן דעם גרעסטן סטרייק. דאָן זענען דאָרט געווען צען־סענ־טיקע צינענע מעדאַלן און אלערליי פענדעלאך, וועלכע דער ווינט האָט געבלאָזן, ווי שמונה־עשרה'ת, צו מזרח־צו. און פּאָליסלייט אָן א שיעור אָלע עקסטרא ארומגעגאָלט און זיי האָבן אויסגעזען געשייערט און גע'כשר'ט און שטאָלץ ווי...“

— ווי בא אונז אין דער ליטע — האָב איך ווידער אונטער־געכאפּט — א פריסטאוו, דעם טאָג ווען דער קיסר דארף גע'הרג'ט ווערן און ווערט ניט, מחמת עס נעמט אים ניט קיין קויל צוליב די געפאנצערטע, דראָטענע העמדעל וואָס ער טראָגט אונ־טער די קאמיזעלקע...

„לאָז זיין אזוי!“ האָט ער געענטפערט מיט א שמייכל און האָט געוואָלט פאָרן ווייטער, אָבער איך האָב אים איינגעהאלטן, זאָגנדיק:

— לאָז נ י ט זיין אזוי, מיין קינד, לאָז זיין גענוג... אפשר איז דאָס פאר דיר א שמחה, מיר איז דאָס קנאפ־וואָס נוגע. דיינע אמעריקאנער זענען נאראָנים. זיי אינטערעסירן זיך דער־

מיט וואָס גרענט ציט ארויס פון איין קבר און ציט אריין אין אנ־אנדער קבר. זיי, וועלכע קוקן און זעען ניט, באטראכטן ניט די טענעמענט־הייזער ווי איך באטראכט זיי. וואָלטן זיי דאָס געטאָן וואָלטן זיי געוואוסט, אז יעדע אָרימע לויה שטעלט נאָר פאָר א מין ארויסקרוישקענען זיך פון איין קבר אין א צווייטן: פון א קבר אפן טאָפּ־פלאָר אין אַ קבר אונטער דער ערד; פון א קבר וואו עס עסן דיך אויף די צרות אין אַ קבר וואו עס עסן דיך אויף די ווערים; פון א קבר וואו מען האָט ניט וואָס מען דארף צו א קבר וואָס מען דארף ניט וואָס מען האָט; פון א קבר... נאָר לאָז דאָס איך זיין גענוג

איך האָב מער ניט גערעדט, אפשר האָט ער פארשטאנען אפשר ניט.

ער אמעריקאניזירט זיך, מיין אייניקל.



## רעליגיאָן, טיטון און בולבעס*)

איר לעבט אין א מדינה וואָס האָט ניט אירס־גלייכן צווישן אלע מדינות פון די ציוויליזירטע וועלט.

די יונייטעד סטייטס זענען ניט באשאפן געוואָרן אין די ששת ימי בראשית; זיי און די איבעריקע לענדער פון אמעריקע שטייען יעדנפאלס ניט אין משה רבינו'ס געאָגראפיע. —

די פארשיידענע אמונות, וועלכע איר זעט דאָ, זענען אהער אריינגעפירט געוואָרן פון די אלטע וועלט, איבערהויפט ווייל אַף רעליגיאָן (א שטייגער, ווי אַף אבעלע'ס קריינק) איז דאָ קיין מאָל ניט געוועזן קיין פּאָשלינע. בשעת דער רבונו־של־עולם האָט געפּערעלט מיט דער תורה און חוץ ישראליק'ן האָט יעדעם פאָלק געענטפערט: „היינט ניט, אפשר אן אנדער טאָג...“ איז ער, הענט ניט געוואשן, אהער ניט געקומען. ער האָט די תרי"ג מצוות אָנגעבאָטן דעם ווייסן, דעם געלן, דעם שווארצן אין איירא פּע, אין אזיען, אין אפריקע, אָבער ניט דעם רויטן אינדיאנער דאָ אין אמעריקע. משה רבינו, וועלכער איז געווען דעם אויבערשטנס אגענט בא אונזערע אבות אבותינו און האָט זיי צוגענאראיעט די סחורה, און האָט זיי איינגערעדט און צוגערעדט מיט פיל מי, ווייל די תורה איז, נאָך אלעמען, ניט געווען קיין ווילדע מציאה, ניט קיין וואָלוועלער רעמנענט, ניט קיין צוגעסמאלעטער בארגיין, ניט קיין ארטיקל וואָס דער טיקעט פון פּאון־שאָפּ באווייזט אז ער איז ווערט א סך מער, — משה רבינו, אַלזאָ, האָט אפילו ניט

---

*) 1897.

געוואוסט פון וועסט אינדיען און דערפאר זענען געבליבן ניט פארבאָטן ניט בולבעס און ניט דער פּיפּקעווען.

פון בולבעס און פון טאבאק האָבן אפילו די חכמים אונזערע ניט געוואוסט, ווייל ביידע ארטיקלען זענען באקאנט געוואָרן אין די בתי מדרשים ערשט מיט אַ פּאָר הונדערט יאָר צוריק. שטעלט זיך פאָר וואָס פאר א מסכת טיטון, וואָס פאר א פּרק בולבע מיר וואָלטן דאָס אביסל געהאט ! ווי מען וואָלט דאָס אביסל אַ קלער געטאָן אין פומבדיתא צי די בלעטער פון טאבאק מעגן באנוצט ווערן צו באדעקן א סוכה אָדער ניט ; צי דער רויך טויג פאר קטורת אָדער ניט; צי אַ פּיפּקע איז א קוימען אָדער אַ פייפל; צי דער קאָפּ פון א פּיפּקע דארף טראָגן פּאות אָדער ניט ; צי דער ציביק מעג זיין צען טפחים לאנג אָדער ניט ; צי אַ ציגאַר דארף געוויקעלט ווערן ווי א קליין־קינד אָדער ווי א בלינצע ; צי א פּאפּיראָס איז אַ קליינער ציגאַר אָדער א ציגאַר איז א גרויסער פּאפּיראָס ; צי א טרפה האלז פון א שוחט׳ס דריטע ווייב מעג אויסגערויכערט ווערן מיט דעם רויך פון טיטון, אָדער זי מוז געכשר׳ט ווערן אף אנאנדער אופן.

און ווער רעדט וועגן בולבעס ! דאָ וואָלט זיך פּארקאָכט א היציקע פּלוגתא צי די פּעלצן פון בולבעס דארפן זיך היטן פון שעטנז אָדער, אזוי ווי די פּעלצן ווערן דאָך פאָרט ניט גענייט, איז אפשר ארום דעם ניטאָ וואָס צו ריידן. מען וואָלט געקלערט צי א קיילעכדיקע בולבע מעג זיך קאָכן אין איין טאָפּ מיט א לאנגלאכע בולבע און צי מען מעג, ווען מען האָט ניט קיין מעסער איר קאָלופּענען מיט די נעגל, אַ שטייגער ווי מען טוט מיט אן אַפּעלסין, אָדער צי איז שאָבן טאָקע א חיוב. מען וואָלט „ראזביראַיעט“ די פראגע צי מען דארף אף א מעליקע בולבע מאכן די ברכה מיני מזונות און צי די רויטקייט וועלכע יאַוועט זיך אמאָל אין אַ בולבע, קען באטראכט ווערן אזוי ווי א בלוט־טראָפּן אין אן איי און מען טאָר עס דערפאר שוין ניט עסן.

אָבער וואָס זאָל איך אייך דאָ פיל ברייען ? די חכמים האָבן פון די ביידע ארטיקלען ניט געוואוסט און מ ש ה ר ב י נ ו

איז באשאפן געוואָרן די וועלט, ניט ווען מען האָט אראָפּגעבראַכט די לוחות פון בארג סיני, ניט ווען דער הייליקער גייסט איז גע־וואָרן א טאטע, ניט ווען דעם אויבערשטנס בן־יחיד האָט געגעבן א נייע תורה, אפילו ניט ווען א נייער נביא איז אויפגעשטאנען און האָט פון א פעקל בייזע חלומות געמאכט די נייעסטע תורה, א תורה, וועלכע איז פארברייטעט געוואָרן מיט דעם שווערד אין האנט און מיט דעם הייליקן געבאָט אין דער אנדערער, א שטייגער ווי געוויסע אזיאטסקע, דעספּאָטישע נאטורן ווילן היינט פאר־ברייטערן די לערער פון ברידערלאכקייט.

און אזוי איז אמעריקע אין אָנהויב געווען א ניט־דערשאָ־פענע, גאָטלאָזע מדינה, מיט אייז־בערגן אין צפון, מיט בולבעס און טיטון אין די וועסט־אינדיעס, אָבער אָן תרי"ג מצוות, אָן א דריי־איייניקייט, אָן א קאָראַן, אפילו אָן א רבינו תם.



# שבועות

שבועות! האָב פון אייביק אָן ליב געהאַט דעם מילכיקן יום־טוב אונזערן, הגם איך בין אַף מילכיקס ניט קיין גרויסער בעלן. אַלע מילכיקע זאַכן זענען ענטוועדער שיטער, וואָס דאַן פויזט איר זיך מיט זיי אָן ניט ווערנדיק זאַט, ווייל זיי האָבן קיין ממשות ניט, אָדער אַניט זענען זיי פאַרהאַרטעוועט און איר קענט זיי ניט פאַרדייען. עס איז אמת, אַז נאַרישע מענטשן, אי־בערהויפּט ווען זיי קענען ניט קריגן עפּעס רעכטס, שלינגען אַמאָל אַראָפּ, זיך ניט קימערנדיק, אַפילו אַ שטיין־האַרטע גאָ־מעלקע, וועלכע קומט פון מילך און וועלכע לייגט זיך אַוועק אין מאָגן, ווי עס פלעגט זיך אַמאָל אַוועקלייגן גראַף אַגינסקי׳ס אַן עקזעקוציע באַ אַ ריטעוועער אידן אין דער כאַלופּקע, ווי איינער זאָגט: איך ריר זיך ניט פון אָרט און דו קענסט פון מיר ניט פּטור ווערן אָן אַ שטאַרקן ברעכמיטל.

מילכיקס איז אַ פּאַסקודנע זאַך ניט אין עסן אַליין. איר קענט די גאַנצע וועלט־ליטעראַטור איינטיילן אין מילכיקע און פליישיקע (גייסטיקע) שפּייזן, דאָס הייסט, אין פּוסטע און קרעפּ־טיקע עסנוואַרג. אַ קליין טעלערל גוטע פליישיקע זופּ זעטיקט און שטאַרקט אייך, בעת אַ גרויסע שיסל מילכיקע יויך פּילט אייך אָן און לאָזט אייך הונגעריק און דאָ רייד איך שוין גאָר ניט דערפון, וואָס אין ציוויליזירטע לענדער קריגט איר ניט קיין אמת׳ע מילך, וועלכע זאָל זיין ניט וואַסערדיק אָדער ווייניקסטנס אַ פּ ש י ט ה נ י ט. דער פּועל־יוצא דערפון איז, אַז קיי־נער האָט אַמעריקע ניט געהאַט אין דער לינקער פּאה ניט, ווען עס

נים פארוואסערט מיט דער פליסיקייט פון די רינעס. מילך (אין אמעריקע מער ווי אנדערשוואו) נים זייענדיק אומפארפאלשט, האט אין זיך א זויערלאכקייט גלייך פון אנהויב און עס צעקאכט זיך אזוי גיך, ווי עס ווארעמט זיך אן. מילך... נאר ווי בין איך ארויפגעקומען אף די רייד ? א, יא! ריידנדיק ארום שבועות.

אלזא, ווי איך זאג אייך: איך האב פון אייביק אן ליב גע־האט דעם מילכיקן יום־טוב אונזערן. ווען איך פלעג אין מיינע יונגע יארן זיצן באם תיקון שבועות — א ספר צוזאמענגעזעצט פון שטיקלאך און ברעקלאך אן א טאלק און אן א סיסטעם, א שטייגער ווי די אידישע השכלה, אדער ווי אן איירישער „סטיו"*) — און פלעג פאנטאזירן וועגן דער צייט, ווען דער רבונו של עולם איז ארונטערגעקומען אפן בארג סיני מיט די עשרת־הדברות אין דער האנט און האט פראקלאמירט זיין געטלאכקייט... און האב מיר פארגעשטעלט, אז אזוי פיל טויזנטער יארן זענען פארגאנ־גען און קיינער פאלגט נים זיין געבאט, הגם חוץ אונז אידן האבן אן ערך פון דריי־הונדערט־פופציק מיליאן קריסטן און צוויי־הונ־דערט מיליאן מחמד'אנער אנגענומען די זעלביקע צען געבאט... און מיר איז דערביי איינגעפאלן, אז דער גרונד דערפון איז, וואס די עשרת־הדברות זענען געקומען ווי א פריקאז פון אויבן, פון א „סאמאדערזשעץ"**), אנשטאט צו קומען אף א דעמאקראטישן אופן פון דעם פאלק גופא אלס א געזעלשאפטלאכער קאנטראקט, וועלכער באשטימט, אז אום צו לעבן גליקלאך, ברידערלאך, פריי און ווי מענטשן מוזן מיר איינער דער אנדערן דאס און דאס נים טאן.

און דאן זייענדיק יונג... א, ווי ווערט מען ווידער אף א ווייליגקע יונג! יונג, פריש, אומפארדארבן! וואס ווייסט איר ווי גוט דאס איז! מיר, אלטע לייט, מעסטן און וועגן און ציילן און רעכענען, און דאס טוענדיק האלטן מיר זיך פאר קלוגע, פאר

---

*) אזא מאכל.

**) זעלבסטהערשער.

פאַרזיכטיקע, פאַר פּראַקטישע מענטשן. די יוגנט ווייס ניט פון קיין שום חשבון, פאַר איר איז קיין משא ניט צו שווער, פאַר איר איז קיין האָפנונג ניט צו גרויס, פאַר איר איז קיין ציל ניט צו ווייט און קיין זאַך ניט אומגרייכבאַר. באַ אונז איז דער „היינט“ נאָר די פאָרטזעצונג פון נעכטן, באַ איר איז היינט דער אָנהייב פון מאָרגן. די יוגנט ליבט און קוקט ניט אָפּן זייגער, זי פילט און פילאָזאָפירט ניט איבער די געפילן; זי וויל און קימערט זיך ניט, צי זי מעג ווען אָדער ניט. די יוגנט איז רעוואָלוציאָנער, ווייל איר ענטוזיאַזם האָט נאָך אַף זיך ניט קיין קויפמאַנישע קאָרע און זי קלערט ניט וועגן „פּראָפּיט ענד לאָס“ *) בשעת זי אונטערנעמט עטוואָס... און דערפאַר איז זשעליאַבאָוו אַ יונגער מאַן און פּע־ראָווסקאַיאַ אַ יונגע פרוי!

אָ, ווי ווערט מען ווידער יונג, אַף איין קליין ווייליגקע יונג! ווי לעבט מען דורך פון דאָס־ניי יענע יאָרן, ווען מען האָט גע־פּאַסט אַ רעזאָלוציע „לא תרצח“ און מען האָט ניט געוואָלט וויסן פון דער שרעקלאַכער מאַכט, וועלכע די מערדער באַזיצן; ווען מען האָט געזאָגט „לא תגנב“ און מען האָט ניט געקלערט וועגן דעם, אַז אַ געזעלשאַפט געבויט אַף גנבה קען דורך אַזאַ באַשלוס אַף איינמאָל ניט איבערגעמאַכט ווערן. עס איז אמת, מען איז געווען קינדיש, אפשר זאָגאַר דום, אָבער דאָס איז געווען זיס... און דער־ביי דאַרף מען ניט פאַרגעסן, אַז די קינדער און די נאַרן, דאָס הייסט די אומדערפאַרענע און די אומבאַזאָנענע האָבן אַלץ אָנגע־פאַנגען, וואָס די קלוגע און פּראַקטישע האָבן אויסגעפירט און איינגעפירט און זייער אָפּט זאָגאַר איבערגעפירט.

אָ, די יוגנט! אין מיינע יונגע יאָרן, געדיינק איך, איז מיר איין טאָג אַריינגעפאַלן אין די הענט אַ ביכל פון לודוויג בערנע. אין דעם ביכל האָב איך געפונען דאָס ,וואָס איר גע־פינט איצט דאָ — אַ געשפּרעך וועגן דער יוגנט, נאָר אַף אַן אַנ־דער אופן. דאַמאָלסט האָב איך ניט פאַרשטאַנען קלאָר און פּולקום־

*) ריוח (רעוואַרד) און היזק (העזיק).

מען ווארום בא אים קומט אויס, אז די יוגנט האָט אזוי פיל צו באַ־טייטן. איצט, ווען איך פארשטײ אים ענדלאך, בין איך אַליין אי אַלט, אי שוואך, אי מיד, און איך שטײ מיטן רוקן צום לוסטגאַרטן און מיטן פנים צום בית־עולם און איך זע ניט קיין אנדערע בלומען חוץ די, וואָס וואקסן אויף די קברים.

אין מיינע יונגע יאָרן... מחשבות׳ן זייט איר ווען עס איז געווען יונג ? יונג, פארשטייט איר מיך, אָן קאָפּדרייעניש, אָן א פעקל צייטונגען אונטערן אָרעם, אָן קנאה־שנאה צוליב קאָנקור־רענץ, ווי בא די זעקס־זיבן־יאָריקע קינדערשע סוחרים אין איסט בראָדוויי און אין קאנאל סטריט און אין אַלע אנדערע גאסן פון ניו יאָרק? זיי זענען קיינמאָל ניט געווען יונג. זיי האָבן זיי, זענען זיי נאָר ניט דערוואקסן, אָבער ניט יונג. זיי האָבן און לויפן ארום ווי פאר׳סמ׳טע און בלאָפן און זאָגן ליגנס און האָבן זאָגאר א יוניאָן, צו וועלכער זיי געהערן ניט אויסער אין א סטרייק, פונקט ווי גרויסע...

זייט איר ווען עס איז געווען אמת יונג ? שעמט זיך ניט, זאָגט ?

איר שווייגט ? נו, טו זייט אייך געזונטערהייט און האָט א זאַטן שבועות.

.1897

## פערזן וואָס שטערן.

אָ, יאָ! יונג צו זיין, אמת יונג צו זיין — דאָס איז געט־לאַך. די קינסטלער ווייסן וואָס זיי טוען ווען זיי מאָלן אויס די מלאכים, דעם גאָט פון ליבע, די כרובים אין יונגע געשטאַלטן. און מיינט ניט, אַז נאָר ד ע ר איז יונג, וועלכער האָט נאָך ווייניק־וואָס געלעבט אויף דער וועלט. איך האָב געקענט שטאַרק באַיאָרנטע יונגעלייט, 60־70־יאָריקע יונגע מענטשן און, גלויבט מיר, יעדעס מאָל, ווען איך פלעג זיי באַטראַכטן, פלעג איך מיך אליין פילן יינגער, פרישער; זויבער אין געפיל און קלאָרער אין דיינקען. איך וועל פּרובירן אייך שילדערן אַ פּאָר פון אָט־די יונגנטלאַך־עלטערע מענטשן, אויב מיין פעדער וועט מיר פאָלגן...

פאָלגן? ווער ווייס. וועט איר גלויבן אָדער ניט, אָבער זאָגן וועל איך אייך, אַז איך ראַנגל זיך שוין איבער אַ וואָך מיט עטלאַכע פערזן און קען פון זיי ניט פּטור ווערן... זיי גייען מיר ניט אַרויס פון די געדאַנקען און אַרום וואָס איך זאָל ניט טראַכטן קומען זיי אָבער און ווידער און מישן זיך אַריין אין די אומגע־שפּראָכענע דבורים. לאָמיר זיי אַרויפבריינגען אויפן פּאַפּיר, אפשר וועל איך ניט קאָנען ווייטער גיין און מיר ווילט זיך שילדערן יענע פּאָר מענטשן. אָט זענען זיי, די פערזן:

„ווייל די לוסט צום פרייען דענקען,
„בעת מען צווינגט אייך בלינד צו גלויבן,
„קען די ליבע אייך ניט שיינקען,
„קען דער האַס פון אייך ניט רויבן;

„איינגעוואקסן טיף אין ברוסט
„מוז באַ אייך זיין אָט־די לוסט".

וואו האָב איך זיי געכאַפּט? זיי קומען זיכער פון אַ געדיכט און קומען ערגעץ־וואו פונם מיטן. דאָס קענט איר זען דערפון, וואָס זיי הויבן זיך אָן מיט דעם וואָרט „ווייל". זיי זענען עפּעס, כביכול, ווי דער הענט־ניט־געוואשן, ווי די ענגלישע קאָנסטיטוציע — אָן אָן אָנהייב און אָן אָן אויסלאָז. פון וואַנען האָב איך זיי גענומען? עמיצער האָט זיי געמאַכט. ווער איז ער? ווארום פאַרפאָלגן זיי מיך טאָג און נאַכט? וואָס האָב איך זיי געטאָן, וואָס זיי לאָזן מיך ניט צו רו?

זיי באַגלייטן אַלע מיינע רעיונות, אַזוי ווי די געדאַנקען מיינע וואָלטן געווען פאַרקלאָגט פאַר אַ פאַרברעכן, ארויסגעלאָזן אַף בייל*), און זיי — די פערזן — וואָלטן געווען זעקס דעטעקטיווס. עס איז אמת, אַז געוויסע מענטשן וואָלטן, ווען דאָס וואָלט געווען מעגלאַך, מיינע געדאַנקען (צעשטערט ווי זיי זענען) שוין לאַנג פאַרקלאָגט פאַר אַ בית־דין של מטה און וואָלטן זיי בשום אופן ניט ארויסגעלאָזן אפילו אַף די העכסטע בייל*)... דאָ אין אמעריקע זענען געמלאַך דאָ וואונדערבארע מענטשן... דאָ זענען פאַראַנען פרייהייטס־קעמפּער. וועלכע וואָלטן מאַכן אַ רעוואָלוציע קעגן די אמעריקאַנישע רעגירונגען, ווען זי זאָל פּרובירן אונטערדריקן די פרעס־פרייהייט און באַ זיך אליין, אין דער פּאַרטיי, וועלכע זיי פירן, וואָלטן זיי וועלן האָבן אַ שטרייכגע צענזור; פרייהייטס־קעמפּער, וועלכע וואָלטן געמאַכט אַ רעש אין הימל אריין אין דעם פאַל, ווען עמיצער זאָל אין וואשינגטאָן אריינברייגגען אַ געזעץ, אַז קיינער טאָר ניט קריטיקירן דעם פּרעזידענט אָדער אַ מיניסטער, אָדער אַ קאָנגרעסמאַן, אָדער איבערהויפּט אַ פאָלקס־פאַרטרעטער, און באַ זיך אליין וועלן זיי דערקלערן פאַר אַ פאַרברעכן, ווען עמיצער וועט עפּעס זאָגן קעגן זייערען אַ פּאַרטיי־פאַרטרעטער, אַ פאָלקס־רעפּרעזענטאַנט; פרייהייטס־קעמפּער, וועלכע וואָלטן באַ זיך אליין גערן האָבן אַ

*) ערבות.

שטריינגן פּאַספּאָרטן־סיסטעם, אַ דעטעקטיוו־אָפּיס, אַ שטענדיקן פּראָקוראָר, וואָס ווייניקער עפנטלאַכקייט און וואָס מער בלינדע קי.

אָט אַזעלכע מענטשן זענען דאָ פאַראַנען און אָט־די מענטשן קענען זיך ניט פאָרשטעלן, אַז זייער איינציקע באַרעכטיקונג צו טראָגן דעם טיטל „פרייהייטס־קעמפּער“ איז נאָר ווייל זיי באַקעמפן די פרייהייט אין אַנדערע, איר זוכנדיק פאַר זיך. און אָט־די מענטשן, וועלכע הייסן אייך זעלבסטשטענדיק דיינקען, וואָלטן די געדאַנקען אייערע אריינלייגן אין חרם, אַזוי גיך ווי זיי הויבן זיך אָן צו קירעווען אַף דעם וועג, וואָס פאַרנעמט זיך אַביסל אַף לינקס און אַזוי גיך ווי זיי — די געדאַנקען — הויבן אָן צו שטערן זייער רו און זייער פירונג.

ווען די טיראַניי איז געווען אַמשטאַרקסטן אין עסטרייך, האָט אַ געוויסער זאַפיר אויפגעשריבן אַף דער וואַנט איבער זיין בעט די פאָלגנדיקע צוויי צײַלן:

„אין אמת'ן גליקלאַך איז דער שלאָפנדיקער נור:
„ער בראָפּעט אָן פּאָליציי און טרוימט אָן צענזור“.

און די וועלט האָט דאַריבער פון יענער צייט אָן געלאַכט. — אונזערע פרייהייטס־קעמפער קענען נאָך דערגרייכן די מדרגה צו פּרובירן קאָנטראָלירן זייערע קאַמעראַדן אַף אַזוי פיל, אַז זיי זאָלן, חלילה, ניט צו הויך בראָפּענען און ניט צו פריי חלום'ען.

אָבער אָט־די מענטשן האָבן ניט אָנגעשטעלט פאַר פאַרפאָלגער איבער מיינע רעיונות יענע עטלאַכע פערזן. זיי וואָלטן אַזעלכע פערזן ניט געדונגען פאַר געדאַנקען־וועכטער, כאָטש זיי געברויכן אָפּט די הייליקסטע פראַזן פאַר אַלץ, וואָס איז אומהייליק. הערט זיך נאָר גוט צו זיי צו! הערט ווי זיי פאַרשטייען מענטשן־ליבע, סאָלידאַריטעט, גלייכהייט, און איר וועט פאַרשטיין וואָס איך מיין. זיי, אַלזאָ, וואָלטן אַזעלכע פערזן ניט געדונגען ארומצוקריכן באַ מיר אין מוח און צו פאַרפאָלגן מיינע זינדיקע רעיונות. ווען אָבער ניט זיי, טאָ ווער דען?

דערווייל האָבן מיר זיך ווידער אַמאָל פאַררעדט און איך מוז

אָפּלייגן מיין שילדערונג פון יענע פּאָר באַיאָרנטע יונגע־לייט אַף אַן אַנדערש מאָל.

עס איז שוין שפּעט, אַגב גייט אויס די טינט פון מיין פּען — דער אויבערשטער האָט מיר אַף דער עלטער געהאָלפן מיט אַ פאונטעין־פּען — און זי וועט באַלד בעטן, אַז איך זאָל איר אָנ־פילן דעם מאָגן, ווייל זי איז ניט קיין לוין־שקלאַפן, וועלכע איר קענט צווינגען צו אַרבעטן מיט אַ פּוסטן מאָגן. זי זאָגט: „ווילסט דו איך זאָל פאַר דיר פאַרשוואַרצט ווערן, טאָ פיל מיך ווײַ־ניקסטנס אָן!"

— און דאָן בין איך טאַקע מיד און שלעפעריק, גוט נאַכט! איך וועל זען איינצושלאָפן, צו האָבן כאָטש אַ זיסן חלום, אויב עס וועט מעגלאַך זיין, כל־זמן חלומות זענען נאָך פריי פון צענזור.

.1897



## איינער פון זיי.

איר ווייסט ניט, וואָס פאַר אַ משוגעים די קלאָרע מענטשן זענען, דאָס הייסט ניט, אַז איך וועל אייך דאָס דאָ, גלייך אַפן שטעל, באַווייזן, כדי איר זאָלט וויסן. אָ, ניין! היינט לאָז איך מיר פון קיין שום חקירה אין דער וועלט ניט פאַרדרייען אַ מוח, היינט מיין איך צו שילדערן פאַר אייך איינעם אָדער צוויי פון די באַיאָרנטע קינדער, וועלכע איך האָב אין מיין לעבן געזען. איך האָב דאָ נאָר דערמאָנט די קלאָרע משוגעים, ווייל איך וויל, אַז איר זאָלט מיך אָן דעם דערינערן שפּעטער אַמאָל.



ווען איך האָב אים צום ערשטן מאָל געזען, איז ער שוין געווען עטלאַכע און פופציק יאָר... יונג. זיין באָרד האָט אַף זיך געטראָגן דעם קאָליר פון שניי, פון דעם שניי, וועלכער קומט אין דעם ווינטער פון דעם מענטשלאַכן לעבן. די האָר אַף זיין קאָפּ האָבן זיך שוין אויך געהאַט אויסגעווייסט, און האָבן זיך געהאַלטן אומרואיק, אַזוי אומרואיק, אַז מען וואָלט געזאָגט יע־דער האָר זיינער איז אַ רעוואָלוציאָנער, אַ מיאַטעזשניק קעגן די אומגערעכטיקייט, קעגן די פאַלשקייט און קעגן דער טיראַניי אַרום און אַרום, זיינע אויגן שיין, אָבער עטוואָס מאַט, האָבן אונטער־דעם פיין געוועלבטן שטערן אויסגעזען, ווי אויסגעמאַטערטע וועכ־טער אין צוויי עפּענונגען און אַ הויכע פעסטונג, — וועכטערע,

וועלכע ווארטן א שטייגער, אז די וואך זאל קומען און זיי איבער־בייטן.

אָ, יאָ! זיינע אויגן זענען שוין געווען מיד, באטריבט, שוואך. זיי האָבן טיפער ווי אנדערע אויגן ארייננעבליקט אין מענטשלאכע הערצער; ארייננבליקנדיק טיף אין די הערצער, האָבען זיי געגויער באטראכט די אלע וואונדן פון אלע מינים, באַטראכטנדיק די וואונדן האָבן זיי אָפט געטרערט, פילייכט געווײנט. און זיי זענען געוואָרן מיד, בליקנדיק אין די הערצער; באטריבט, באטראכטנדיק די וואונדן, און שוואך, זיך ווייקנדיק אין טרערן.

און דאָך האָבן זיינע ווייסע האָר און זיינע שוואכע אויגן אייך ניט געלאָזט איינריידן, אז דער מאַן, צו וועלכן זיי געהערן, איז אלט.

„ווייס", — האָבן צו אייך געזאָגט די אויגן זיינע, — „איז ניט דער בלייכער טויט, נאָר די בליענדיקע אומשולד, די ליליע".

„שוואך", — האָבן צו אייך געזאָגט די אויגן זיינע — „ווערט מען ניט פון לאנג באטראכטן טיפע וואונדן, נאָר אויך פון ארויפבליקן אין דער הויך צו די ליכטיקע זון".

און אזוי איז דאָס טיילווייז געווען. דער מאַן האָט ארייננעבליקט אין די פינסטערע נאכט ארום אים און האָט דערזען די ליכט האָפנדיקע פלעדער־מייז און די טיף־איינגעשלאָפענע, פון צרות, פון יסורים איינגעשלאָפענע מענטשהייט איז ער געוואָרן באטריבט. דאַן אָבער האָט ער זיך א ריר געטאָן, האָט פון זיך אָפּגעטרייסלט די פינסטערניש און נאָך איידער דער האָן האָט געקריים, נאָך איידער די לערכע האָט גענומען זינגען ,נאָך איידער דער פארמאטערטער מענטש האָט זיך גענומען רירן פון דעם ליידן־באטרונקענעם שלאָף, נאָך איידער דער מאָרגנשטערן האָט זיך גענומען באווייזן, האָט ער שוין דערפילט די קומענדיקע דערוואכונג, האָט ער שוין דערזען די באלעבנדיקע שטראלן פון דער הערלאכער ליכטיקער זון, האָט ער שוין געמערקט ווי דיק די וואָלקנס זאָלן ניט זיין, דורך וועלכע דער הייליקער שיין דארף

און ער איז דערפילט געוואָרן פון יוגנטלאַכער האָפנונג, און די האָפנונג האָט אים געגעבן אַ באַלזאַם פאַר די גלידער, אַ נעקטאַר געטראַנק פאַרן אָפּגעשוואַכטן קערפּער, און ער איז פון דאָסניי געוואָרן פריש, און ער איז ווידער געוואָרן יונג.

דען, מערקט אייך קינדער:

נאָר די פאַרצווייפלונג מאַכט אַלט, אין וואָס פאַר אַ יונגן גוף זי זאָל ניט זיצן; נאָר די האָפנונג מאַכט יונג, ווי אַלט דער האָפנדיקער מענטש זאָל ניט זיין.

ווען איר מערקט, אַז אין אייער האַרצן הויבט אָן אָפּצושטאַרבן די האָפנונג אַף בעסערע צייטן, די אמונה אין אַ פרייערע מענטשהייט, דער וואונש צו ברייננגען וואָס שנעלער דאָס גליק, צו באַפרייען וואָס גיכער דעם אַרבעטער־ריז, — ווען, זאָג איך אייך, איר מערקט עפּעס אַזוינס, דאַן זאָלט איר פאַרשטיין, אַז איר זייט אַלט, אַז אייער קערפּער איז אַ באַוועגלאַכע טרונע פון אַן אָפּגעשטאָרבענער האַרץ. דאַן מעגט איר נעמען זאָגן וידוי מיט אייער מענטשלאַכקייט און אָנהויבן נייען תכריכים פאַר אייער גליקזעליקייט. דאַן איז אייער גאַנצער אָרגאַניזם אַזוינער, אין וועלכן די הויפּטספּראָנדזשינע האַלט באַם פּלאַצן, האַ, אין אַ וואָרט, זייט איר ו ו י ק ל א ך  א ל ט.

דער מאַן, פון וועלכן איך רעד מיט אייך, איז קיינמאָל ניט געווען אַלט, ווייל ער האָט אפילו אָפּט געטרויערט, ער האָט אָבער קיינמאָל ניט פאַרצווייפלט.

און ער איז געווען אַ גרויסער דיכטער. אָבער גרויס ניט דערפאַר, ווייל זיין גייסט האָט געשוועבט זייער הויך, ווייל זיין בליק האָט אַריינגעדרונגען זייער טיף, ווייל זיין טאַלאַנט האָט וואונדערפול אויסגעמאָלט אין ווערטער דאָס, וואָס ער האָט געזען. ניין! ניט דערפאַר אַליין. ער איז געווען אַ גרויסער דיכטער, ווייל אַף אים האָט די שמוציקע ווירקלאַכקייט קיינמאָל ניט איבערגעלאָזן דעם מינדסטן פלעק, ווייל זיין האַרץ איז געווען אימער ריין, אימער פול פון ליבע, פ ו ן האָפנונג און פ ו ן גלויבן אין דער צוקונפט, טראָצדעם וואָס זי האָט מער ווי אַן אנדער

הארץ געפילט דעם שמערץ פון די ליידנדיקע, דעם גיפט־שטאָך פון דעם מערדערישן דאָלך, וועלכער זיצט אין א הענטל פון **ג אָ ל ד** און קומט פון א שיידל פון **ז י ל ב ע ר** און איז געמאכט פון דעם מעטאל, פון וועלכן עס קומען די שרעקלאכע קייטן אף דער אומגליקלאכער מענטשלאכער ראסע.

און האָפנדיק און גלויבנדיק, האָט ער געלעבט א לעבן, וואָס איז אימער געוועזן יונגטלאך־פריש, וואָס איז אימער געבליבן אזוי ריין און קלאָר, ווי דער ליבלאכער שטראָם פון אן אימער ווידער־אויפלעבנדיקן וואסער־קוואל, א קוואל, וואָס רעגט זיך און פליסט אין זיין זויבערקייט אום אלץ צו באפרוכטן און יעדן צו דערקוויקן.

און אזוי איז געבליבן ריין אין זיין אומשולד און יונג אף דער עלטער דער מאַן, וועלכן די ליבע, די פרייהייט, די גערעכטיקייט האָבן גערופן „קינד", און וועלכן מיר, שטערבלאכע מענטשן, האָבן גערופן וויליאם מאָריס.

1897.



## גאָל אַף ראש השנה.

וואָס אַ איד קען זיך פאַרגינען, דאָס קען זיך אַ גוי, להבדיל, גאָר ניט פאָרשטעלן. אַ איד קען זיך פאַרגינען אַן עקסטראַ נשמה אַף שבת, הגם דער גוף זיינער איז ניט שטאַרק גענוג איינצוהאַלטן אפילו איינע ; נאָר אַ איד קען זיך פאַרגינען אַן עקסטראַ משיח (בן־יוסף) צום גע'הרג'עט ווערן פאַר דער גאולה, וועלכע משיח בן דוד דאַרף ברייגגען; נאָר אַ איד קען זיך פאַרגינען אַן עקסטראַ שמחת־תורה נאָך אַן אכט־טאָגיקן סכות; נאָר אַ איד קען זיך פאַרגינען אַן עקסטראַ שטיק פלאַטשיקע, האַרע, קיילאַכדיקע גע־רעדלטע נודנעס פאַר אַן אַפיקומן, ווען די פריערדיקע אכילות קריכן שוין פון האַלז ; נאָר אַ איד קען האָבן אַן עקסטראַ שמש צו די חנוכה־ליכט אַזוי ווי דער ריח־ניחוח פון אויסגעגאַנגענע אכט אכטל־גראָשענע ליכטלאַך וואָלט ניט געווען גענוג פאַר אַ הויז, וואו עס איז דאָ אַ קאַץ אין שטוב, אַ גאַנז אין ווינקעלע, אַ מיסטקאַסטן באַם טיר, אַ ישיבה־בחור אפן אויוון, אַ פּאָמאָיניצע, וועלכע שטייט פון שבת צו שבת, אַ מולטער מיט גרעט אַ האַלב־ליידיקע דייזשע, אַ פעסל מיט קרויט, אַ פאַרשימלטער קב־הישר, אַ שכן אין קאַמער, שמות אפן בוידעם, מאַכאָרקע בלעטער הינטערן שפיגל, פוילע אייער וואָס עס לאָזט ניט די האַרץ, אַז מ'זאָל זיי אַרויסוואַרפן, עסיק וואָס זייערט זיך, אַ פאָר יוכטענע שטיוול מיט פרישע זעגעכץ אַף זיי, אַ גאַוואַר־פאַרטוכל וואָס האָט קיינמאָל ניט פאַר־זוכט דעם טעם פון זייף מיט וואַסער, אַ היילִיקער טלית־זאַק מיט די אינגעווייט אין אים, און ווער ווייס וויפיל נאָך אַזעלכע זאַכן.

..נאָר אַ איד קען זיך פאַרגינען אַן עקסטראַ יקום פורקן, ווען מען פאַרשטייט קאַם־קאַם דעם ערשטן... און דאָס אויך ניט ;

נאָר אַ איד ווייסט פון אַן עקסטראַ חודש צו לייגן תפילין, פון אַן עקסטראַ מקרא אַ צוגאָב פון תרגום צו יעדער סדרה, פון אַן עקסטראַ מפטיר צו זיבן פּרשות, אַן עקסטראַ שבט צו צוועלף שבטים, פון אַן עקסטראַ דצ״ך, עד״ש, באח״ב צו גוטע צען מכות. פון אַן עקסטראַ יאַרמולקע צו אַ היטל, פון אַן עקסטראַ איד צו אַ מנין, פון אַן עקסטראַ טאָג אין וואָך באַ אַן אָרעם-בחור און פון אַן עקסטראַ הקדמה וועגן אידישע עקסטראַס, ווען מען דאַרף ריידן וועגן ראש-השנה.

אַט אַזוי פאַררעדט מען זיך אַף די עלטערע יאָרן, איבערהויפּט ווען מען איז דערצו געוואוינט פון קינדהוייז אויף. ג ע ד אַ ר פ ט האָב איך זאָגן אַזוי:

וואָס אַ איד קען זיך פאַרגינען, דאָס קען זיך אַ גוי, להבדיל, גאָר ניט פאָרשטעלן. באַ זיי ביניהם איז אויך דאָ אַ נייער יאָר, אָבער נאָר איינער. מיר אידן האָבן דריי נאָווי-גאָד׳ן*) באַ אונז איז זיך ברוך השם דאָ ראש השנה, אַ טאָג, וואָס איז אַ נייער יאָר; אַ ראש חודש ניסן, וועלכער איז דער ערשטער טאָג פון דעם ערשטן חודש אין יאָר און טאָמער איז דאָס נאָך אַלץ ניט גענוג, האָבן מיר ראש השנה לאילנות (פאַר די בוימער, ליבע לעזערנס, פאַר די בוימער) דעם 15טן טאָג אין דעם חודש שבט.

„מיר האָבן״ — זאָגט מיין אייניקל, וועלכער קומט אָקאָרשט אַריין, — „אַ נייע יאָר, ווען די וועלט איז באַשאַפן געוואָרן. דאָס איז אַ ק אָ ס מ אָ ג אָ נ י ש ע ר, ראש-השנה; מיר האָבן אַ ניי-יאָר, ווען דער אויבערשטער משפט די אידן, דאָס איז אַ י ו ר י ד י ש ע ר ראש-השנה. מיר האָבן אַ ניי-יאָר פאַר בוימער, דאָס איז אַ ב אָ ט אַ נ י ש ע ר ראש השנה״.

ווי איר זעט, שניידט זיך מיין חברה-מאַן אַף אַ וויסנשאַפט-לאַכן, ווי רופט מען דאָס. ער געברויכט שוין לאַנגע פרעמדע

---

*) ניי-יאָרס.

ווערטער און וועט מן הסתם מיט דער צייט נעמען שרייבן לאַנגע פּרעמדע אַרטיקלען...

אָבער דאָס אַלץ איז ניט אַהין און ניט אַהער.

ראש השנה... ראש השנה... הערט, ליבער לעזער, איך וועל אייך ניט בלאָפן. דער אמת איז, איך קען ניט שרייבן, ניט וועגן ראש השנה און ניט וועגן אַנדערע זאַכן. אַנדערע דאַרפן צום שרייבן אַ קאָפּ — איך זאָג ניט, אַז זיי ה אָ ב ן, איך זאָג נאָר, אַז זיי דאַרפן צום שרייבן אַ קאָפּ — איך אָבער מוז דערצו האָבן אַ האַרץ און מיין האַרץ, מיין אָרעמע אַלטע האַרץ האָבן זיי פאַרגיפטעט.

אָ, יאָ! זיי האָבן פאַרגיפטעט מיין האַרץ און איך קען איצט מער ניט ליבן; איך האַלט אין איין האַסן. און איך, אָרימער אַלטער נאַר, קען אָן ליבע ניט שרייבן...

עס גייט אַ נייער יאָר. וואָס אין דעם קומענדיקן יאָר וועט דערפון ווערן, ווייס איך ניט ,דערווייל איז שלעכט... איך בין ניט טויט, אָבער ערגער ווי טויט.

וואָלט איך געהאַט אַ ביסל ליבע אין האַרצן, דאַן וואָלט איך אייך באַשריבן אַ יום־הדין, מיט אַ נייעם סאָרט כתיבה וחתימה טובה, מיט... נאָר — לאָז זיין, איר זעט, אַז עס גייט ניט.

זייט געזונט, ליבע קינדער, און נעמט זיך פון מיר אַראָפּ אַ מוסר־השכל.... האָט אייך אַ גוטן יאָר!

נאָך אַ וואָרט : אַלע אידן האָבן אַף ראש השנה האָניק, איך האָב גאַל... נאָכאַמאָל : האָט אַ גוטן יאָר!

.1897

# אינהאַלט פון פערטן באַנד: